א. לוצקי

# בראשית-אינמיטן

## פּאָעטישע פילאָסאָפיע איבער ווערן און צעשטערן

אָפּטיילונגען אין בוך:

פינף יאָר שפּעטער: בראשית—אינמיטן.
לויט אַרבעטער־שטונדן —
צען יאָר מיט אַן עיבור.
מיט אַ וועדך נאָך אַריבער.

צו וואָס איך דערצייל עס? —
לטובה דעם לייענער...

דעם לייענער ווערט לייכט —
אַז דעם שרייבער איז שווער.

דערצו נאָך מיין מי
אין דער דרוק זעקס חדשים.
דורך טעג און דורך נעכט
נאָכאַנאַנד אין געפּעכט
מיט אַ שטריך — מיט אַ קאָמע,
אַז ווי צו מיין לעבן —
אַ למד [ל׳] — אַ לאָמע...
[אַ רמז אויף ליידן,
און לייטערן לידער,
און הערן פון אידן:
אויף אידיש שוין ווידער?]

אַן אַמפּער מיט לויט,
און מיט זיך אַליין אויך.
אַריבער מיין כוח.
אַ שרפה אַן רויך.

צו וואָס איך דערצייל עס? —
לטובה דעם לייענער...

פּאַסירט האָט אַ נס —
אַן גרייזן פון פּרעס.

בראשית—אינמיטן —
אַן פעלער...

בלויז איינמאָל איז קיינמאָל
געשען אַ פּאַרזען:
אַ נומער פּאַרקערט.
זאָל זיין, אַז באַשערט...
זאָל וויסן נאָר איינער. —
דער איינער, דער לייענער.

# אינהאַלט לויטן א. ב.

## א



## א



## ב



## ג

## ד



## ה



## ו



## ז



## ח



## ט

## י



## כ



## ל



## מ



## נ



## ס



## ע



## פּ

די לידער אָן נעמען — זענען פאַרצייכנט אין אינהאַלט
לויט דער ערשטער שורה פון דער ליד.

# אַ בוך

אַ בוך איז אַ וועלט.
טיילן — לענדער.
לידער — שטעט.
שורות — גאַסן.
אותיות — הייזער.
אינהאַלט — לעבן.
סטיל — עלעגאַנץ.
תוך — קאָך.
טרויער — כמאַרעס.
געדאַנקען — בליצן.
נביאות — דונערן.
פרייד — די זון.
קעפּלאַך — פּירער.
פּונקטואַציעס — פּאָליציי.
פּינטעלאַך — אַ מיטינג...
אַ שטעקעלע — שרייט !
אַ הוקעלע — פרעגט ?
אַ קאָמע — האָט צייט,
אַ קעפּעלע — עקט.
צוויי שומרים — דערציילן :
דער לייענער פאָרט אַדורך די וועלט
און לויבט נאָר דאָס, וואָס אים געפעלט.

# איך און די וועלט

[ערשטע ליד]

לער פּאַפּיר — דערציילט מיר אָן אַ שיר.
אויף דער קלאָר קלאָר פון העל פּאַפּיר —
שוועבט די לער פון וועלטן-פריער.
איך צי אַריין פאַרשטענדעניש
פון אַלעם אַרום מיר.
איך גלעט אַ קלוגן ספר,
זאַפּ איך איין דעם תּוכן מיט די פינגער.
איך וויים אַ וויסן פון נישט-וויסן,
וואָס איז טיפער נאָך פון וויסן.
באַ די צווייגן, לערן איך דעם יחוס,
פון פאַרנוויגנדיקע שורות.
אין ווינטעלאַך דערזע איך מיינע מינעס.
שטיינער ווייזן מיר די וויכטיקייט פון לשון.
אַ וואַסערפאַל — דערוועקט אין מיר אַ צוואַנג —
צו קאָנען זיך פאַרהאַלטן.
אַ ים — צעשפּרייט אין מיר אַ שוואונג —
צו זען קלאָר.
צו זען טיף.
און תּמיד ניי.
אַזוי ווי ים.
אַ רגע שטילקייט אויפן פעלד —
דערציילט מיר סודות פון דער וועלט.

# איך און די וועלט

[צווייטע ליד]

שאַפן איז אַ מוז אין מיר — ווי זינד.
אַזוי ווי אימפּעט אין אַ ווינט..

איך בין גלוסטיק אין מיין שרייבן—ווי אויף ווייב.

איך ברי און גלי פאַנאַנדער —
מיטן אויפבליץ פון דערזע.

איך פיבער אויפן אויסדרוק —
ווי דאָס פלאַטערן אין פאָרן.

אַלע מיינע חושים קלאַמערן צום וואָרט —
וואָס זאָל מיך זעטיקן.

איך ווער צעפלאַמט מיט יעדער שורה —
אַלעמאָל צום ערשטן מאָל.

# איך און די וועלט

[דריטע ליד]

איך טובל זיך אין וועלט.
איך בין אַ ווייל — און שאַף זיך דויער.

אותיות באַשיצן מיך.

מיינע לידער — מיינע גלידער.
מיינע גלידער וועלן לעבן אין די לידער.

מיין אידיש איז מיר אייגן —
ווי דער בליק פון מיינע אויגן.

איך באַדין מיין אייגן האַרץ.

איך בין ערלאַך מיט מיין וואָרט—אַזוי ווי שלאָף.

ס'איז אין מיר געזאַנג — ניט אויסצוזינגען.
ס'איז אין מיר אַ קוואַל — ניט אויסצושעפּן.

ס'איז אין מיר אַ מוז — צו מוזן מייסטערן. —
אַזוי ווי זון — די בלעטעלאַך אין בלום.
אַזוי ווי ים — די שטיינדעלאַך ביים ברעג.

איך לייטער ליידן.

איך שלייף און רייף אַרום מיט צויבער-זילבן —
מיינע ציטערדיקע ווייען.

# אַ גערזאַנג צו דער וועלט

א

ס׳איז אַ גליק זיך קאָנען רירן.
ס׳איז אַ כישוף אָנצורירן.
ס׳איז אַ צויבער צו וויברירן
אין צעבליטע שימערירן.
ס׳איז אַ רייץ זיך לאָזן פירן
צו געפליגלטע פאַסירן.
לוסטיק גלוסטעניש צעפירן.
גלוסטיק לוסטעניש פאַרפירן.

ב

ס׳איז אַ שפּיל זיך לאָזן שפּאַרן
צו באַלויכטענע געפאַרן.
לופטיק-האַפטיק זיך צו נאַרן
אין צעווינטלטע גענאַרן.
וויבערדיק זיך לאָזן גאַרן
אין צעשטורעמטע דערפאַרן.
אין צעברויזנטע ווירוואַרן.
אין צעהוליעטע קאָשמאַרן.

# אַ געזאַנג צו דער וועלט

ג

ס׳איז אַ דראַנג פון שטענדיק לאַנג.
אייביק-אייביקייטס-געדראַנג:
תמיד זאָרגן אין געזאַנג.
פרייד און לייד אין יעדן קלאַנג.
ליב און טריב אין איין פאַרלאַנג.
טאָג און נאַכט כסדר באַנג:
צו באַפרייען פון געפאַנג.
צו געפאַנגען זיין אין צוואַנג.

ד

ס׳איז אַ וועלן אינם ווילן. —
ס׳איז אַ ווילן אינם וועלן. —
ס׳איז אַ מיין אין יעדן ווילן. —
אַלע זענען דאָ צו וועלן. —
צו פאַרשרייען און פאַרשטילן. —
צו אַנטפּלעקן און פאַרהילן. —
גאָר די ביינקשאַפטן צו שטילן. —
גאָר די שטילקייטן צעשפּילן. —

# אַ געזאַנג צו דער וועלט

## ה

זעסט אַ וואַלד — מ'דאַרף ניט פרעגן.
זעסט אַ באַרג — מ'דאַרף ניט טרעפן.
ס'איז אַ וועלט פון איבערלאָפן.
ס'איז אַ וועלט פון איבערטראָפן.
די גאַנצע וועלט איז דאָ צו פרעגן.
די גאַנצע וועלט איז דאָ צו טרעפן. —
ווי די וועלט האָט זיך געטראָפן.
ווי די וועלט האָט זיך פאַרלאָפן.

## ו

ניט צו פרעגן, ניט צו טרעפן. —
נאָר צו שטוינען, נאָר צו גאַפן.
נאָר צו זיין, צו קאָנען האָפן.
נאָר צו זיין, צו קאָנען לויפן.
מיט דער וועלט פון איבערלאָפן.
מיט דער וועלט פון איבערטראָפן.
— גאָר די וועלט אַריבערלויפן.
— גאָר די וועלט אַריבערטרעפן.

# אַ געזאַנג צו דער וועלט

ז

נאָכאַנאַנדער אין פּאַרויסער.
יעדער טראָטעלע — אַן אוצר.
יעדער רגע׳לע — אַ יום-טוב.
יעדער שטיינדל — אַ בעל-שם-טוב.
יעדער שפּראָצל — אַ בעל-מופת.
יעדער פליערל — אַ נביא.
יעדער גייערל — אַ נסתר.
יעדער ווינטל — אַ שליח.
יעדער רעגנדל — משיח.
יעדער בליק — איז זיוו-השכינה.
יעדער ריר — איז וועלט׳ס אַ מינע.
יעדער איז׳עלע — איז ספירה.
יעדער בריאה׳לע — איז בחירה.
יעדער זשומעלע — איז זמירה.
יעדער שאָקעלע — איז שירה.
יעדער שווייגעלע — איז יראה.
יעדער דמיון — איז יצירה.

ח

אַ געזאַנג אין אַלע זייטן. —
און אַ קלאַנג ניט אומצוביטן.
אַ ראָמאַן אין יעדן וועטער. —
ליטער גאָטיכעס און געטער.
יעדער זיין איז ניי און וואונדער. —
אַלץ צוזאַמען און באַזונדער.

# 3. זיבן אַריינפירן

## [צו בראשית—אינמיטן]

[איידער די וועלט איז געוואָרן]

ז. 21-70

## ערשטער אריינפיר

### א

## אַ שטיינדעלע, וואָס האָט אַ פּנים ווי אַ מענטש

אַ שטיינדעלע.
אין שטיינדעלע —
אַן אויג.
אַ נאָזעלע.
תיכּף נאָכן נאָזעלע —
אַ מויל. —
תמיד אָפן:
פאַרגאַפט.
שטומערהייט אַ פרייד.
דערשראָקן און דערפרייט.
פאַרכאַפּט פון אַלץ - אַליין.
איך — אַ נפש'ל פון שטיין:
אָה!

ערשטער ארייַנפיר

ב

# אַ שטיינדעלע, וואָס האָט אַ פּנים ווי אַ מענטש

אַ געשטאַלט פון גאָר אַמאָל.

אַ געמעל פון גאָרע-גאָר אַמאָל.

אַ בילד פון אָדם איידער אָדם.

אַ פּנים'ל פון אייביקייטס-פאַרטאָג.

אַ באַשאַף פון איידער וועלטס-קאַיאָר.

אַ באַשעפעניש פון איידער ויהי אור.

אַ מענטשעלע פון איידער-איידער.

איידער נאָך פון איידער-איידער.

## ערשטער אריינפיר

### ג

# אַ שטיינדרעלע, וואָס האָט אַ פּנים ווי אַ מענטש

איידער בראשית איז געווען —
איז געוועזן — ניט.

ניט — האָט נישט געוואוסט אַז ניט. —
ניטן — האָט זיך אויסגעוויזן — יאָ.
גאָרנישט — האָט גע׳חלום׳ט וועגן גאָר.
חושך — האָט געהאַט אַ זעאונג וועגן קלאָר.
ניטאָ־ניטאָ — האָט אויסגעפורעמט אַ נבואה וועגן וואָר.
דעם לעצטן מין.
— וועמען ?
מענטש.

ערשטער אריינפיר

ד

# אַ שטיינדעלע, וואָס האָט אַ פּנים ווי אַ מענטש

איידער-איידער האָט זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן
אויף דער ענד.
אָנהויב האָט געוואָלט דעם סוף פון אָנפאַנג.

איז געווען:

וויסטעניש האָט אויסגעיאָמערט אַ באַשאַף.
תהו האָט זיך אויסגעוויינט אַ נחת.

אַ קינדעלע.
אַ שטיינדעלע - אַ קינדעלע.

אַ עפּעסל כמו אַ עמיצער.

מויל — צעפּראַלט.
אייביק געוואַלד.
— אַ מענטש —

אַ מענטשעלע, כמו אַ מענטש.

## ע ר ש ט ע ר  א ר י י נ פ י ר

### ח

# אַ שטיינדעלע, וואָס האָט אַ פּנים ווי אַ מענטש

ציִיטס אַ זינדעלע.
וועלטס אַ זיידעלע.
אָנהויבס אייניקל.
שטילקייטס חבר׳ל.
שווייגנס ריידערל.
שטומס אַ שרייערל.
קיינערס טאַטע.
אַליינס אַ קרוב.
תמיד׳ס עדות.
אייביקס סודות.
מיינס אַ ברודערל.
ברודערל מיינס!

צווייטער אריינפיר

## א

# איידער אַ שטיינדעלע

איידער אַ שטיינדעלע איז געווען —
איז אַ זאַמדעלע געווען דער געשטאַלט פון אַ מענטש.

איידער אַ זאַמדעלע איז געווען —
איז אַ שטויבעלע געווען דער געשטאַלט פון אַ מענטש.

איידער אַ שטויבעלע איז געווען —
איז אַ ווינטעלע געווען דער געשטאַלט פון אַ מענטש.

איידער אַ ווינטעלע איז געווען —
איז געוועזן אַ געדאַכט דער געשטאַלט פון אַ מענטש.

איידער געדאַכט איז געווען —
איז ווילן צו וועלן געווען דער געשטאַלט פון אַ מענטש.

איידער ווילן צו וועלן איז געווען —
איז קיינמאָל ניט געווען.

קיינמאָל — איז קיינמאָל ניט געווען.

## צווייטער אריינפיר

### ב

### יעדער „געוועז"

און יעדער באזונדער „געוועז"
איז אויף אייביק געוועז.

און יעדער באזונדער „געוועז"
איז געוועז אויף צו אייביקן „איז".
צו תמיד'ן „זיין".

דריטער אריינפיר

א

# איידער וועלט

איידער וועלט — איז ווילד געווען —
האָט ווילד געוואָלט.

איידער ווילד — איז וויסט געווען —
האָט וויסט געוואָלט.

איידער וויסט — איז לער געווען —
האָט לער געוואָלט.

איידער לער — איז וויי געווען —
האָט וויי געוויינט.

## דריטער אריינפיר

## ב

# איידער אַלע איידערם

איידער אַלע איידערם פֿאַר דער וועלט —
זענען שוין געוועזן וועלטן,
און געוואָרן ווידער תהו,
און געוואָרן ווידער וועלטן,
און געוואָרן ווידער תהו.
ווידער וועלט און ווידער איידער.
אייביק איז פֿון אייביק.

## דריטער אריינפיר

### ג

# מיט דער וועלט איז געווען

מיט דער וועלט איז געווען
ווי מיט יעדן געשען:
עס געווערט ביז סע ווערט.

נאָך איידער די וועלט איז געוואָרן —
איז געווען: ס'איז שוין דאָ.
שוין פאַראַן אויף צו ווערן.

גאָרנישט. —
איז אין גאָרנישט געווען שוין אַלץ.

## דריטער אַרײַנפיר

### ד

# נאָך אײדערן װערן

נאָך אײדערן װערן —
איז געװען אַ צעשטערן.
און געדראַנג צו צעשטערן —
איז געװאָרן דאָס װערן.

ס'איז געװען אַ געװען —
פון אַ װעלן געװען.
פון אַ װעלן געשען.
פון אַ װעלן דערזען.

ס'איז געװען אַ געװען
פון אַמאָלן אָן צאָלן
אָן היוכן אָן טאָלן
ניט אָפּ און ניט אויף
ניט אָנהויב ניט סוף
אינדערמיט

פערטער אריינפיר

א

## אָנהויב — ניט פון אָנהויב

אָנהויב האָט זיך ניט געפעדערט פונם אָנפאַנג. —

בראשית איז געווען אינמיטן.

פאַר בראשית — איז געווען אַ פריער.

פאַרן פריער — זענען שוין געוועזן פריערס אָן אַ שיר.

פאַר די אָן אַ שירן — זענען אויך געוועזן פריערן.

אַלעמאָל — איז פונקט אַזוי ווי איצטער — פון אַמאָל.

אַלע אַמאָלן זענען פון אַמאָלן.

אַפילו גאָר דער ערשטער איצטער —

איז געקומען נאָך אַ נעכטן.

שטענדיק איז כסדר.

כסדר איידער.

פערטער אריינפיר

ב

# בראשית—מורא

בראשית'ן האָט אויפגערודערט מורא.
מורא האָט דערשראָקן זיך פאַר פחד.
פחד האָט זיך אויפגעכאַפּט פון אימה.
אימה'ן האָט באַפאַלן מרה שחורה.
מרה שחורה האָט אַרומגעשפּאַנט אין חושך.
חושך האָט געטוליעט זיך צו תהו.
תהו האָט געוואָיעט אין ובהו.
ובהו האָט געראָיעט צו יהוה.
יהוה האָט אַרויפגעוויינט: אל.
אל האָט אַריינגעשריגן: שדי.
שדי האָט געבעטן: אלהים.
אלהים האָט געפלאַטערט: אדני.
אדני האָט אַרויסגעשאַלט: אחד.
אחד האָט באַפוילן: צען געבאָט.

[זע: זיבעטער אַריינפיר. גאָט]

פערטער אריינפיר

ג

# עשרת הדברות

א. אַלץ איז אײנס — און אַלץ איז גאָט.

ב. װעלט-געזעץ —— איבער גאָט.

ג. װעלט-געבאָט —— אַריבער גנאָד.

ד. ס׳איז —————— איז.

ה. מאָס —————— מוז.

ו. מוז —————— אַריבערן רשות.

ז. װעט זײן מיט אײנס — װעט זײן מיט אַלץ.

ח. גלוסט.

ט. צעשטער.

י. באַשאַף.

פערטער אריינפיר

ד

## באַפעל פון אחד

איז געווען דער באַפעל פון אחד —
אַ באַפעל פון אַריבערן אחד. —
פון אומעטום.
פון אַלעמאָל.
אויף אַלע ציַיטן.
אויף אַלע אייביקייטן.

פערטער אריינפיר

ה

# נאָך די צען געבאָט

איז געוואָרן נאָך די צען געבאָט —
אַזוי ווי פֿאַר די צען געבאָט. —
ווי גאָרנישט געווען.
ווי קיינמאָל געווען.

און וואָס סע איז געזאָגט געוואָרן —

איז געבליבן.

איז פֿאַרבליבן אויף צו ווערן.

איז פֿאַרזונקען — אויפצוגיין.

לויטן שטייגער פֿון כסדר.
לויטן סדר נאָך פֿון איידער.
לויטן איידער נאָך פֿון איידער־איידער.

[זע: זעקסטער אריינפיר. י.
והיה באחרית הימים. יח.]

## פ י נ פ ט ע ר  אַ ר י י נ פ י ר

### א

איז אַן אייביקייט אַוועק.
איז ווידער געוועזן. —

## א י ך ! — ו ו י ל !

רוי האָט אויפגעראַיעט ווי.
איז געוועזן דער ווי פון איידער-איידער:
איך! — וויל!
אַ ווילן וויל אין מיר צו וועלן!!
זאָל פאַרנומען ווערן אַ געהילך: — איך!!!
וועל איך אַריבערהילכן: ———— איך!!!!
איך — פון איבער עכאָ ———— העכער!!!!!

[און עס איז געוועזן. —
דער ערשטער ווי פון איידער־איידער:
איך! וויל! —
איז אַרויס פון אומעטום.
איז אַריין אויף אַלעמאָל.
אין יעדן מין.
אין יעדן מענטש.]

[און עס איז געוועזן. —
דער ערשטער ווי פון איידער־איידער:
אַ ווילן וויל אין מיר צו וועלן!! —
איז אַרויס פון אומעטום.
איז אַריין אויף אַלעמאָל.
אין יעדן מין.
אין יעדן מענטש.]

פינפטער אריינפיר

ב

## איז געווען דער ווי פון איידער-איידער:

גערעבוויז אין מיר.

א געבראויז אין מיר צו ווערן איבער.
א געדראנג אין מיר צו ווערן אויבער.
אריבער.
איבער - אריבער.
אריבער - אויבער.

איך מוז צו ווערן ענדער.
אנדער.
וואנדער.
וואונדער.
איבערוואונדער נאכאנאנדער.
מיטאנאנדער - דורכאנאנדער.
פון אן אנדער צו אן אנדער.

אנדערש.

פינפטער אריינפיר

ג

## איז געווען דער וויי פון איידער-איידער:

באפעל פון אומעטום

אומעטום באפעלט אין מיר אריבער אומעטום.
אלעמאל באפאלט אויף מיר אריבער אלעמאל.

א גלוסטעניש אין מיר צו ווערן.
א באגערעניש אין מיר — געבערן.
א געדורשט אין מיר צו נערן.
צו פארמערן.
צו צעשטערן.
ווידער ווידערן און שטערן.
ווידער נידערן און צערן.
ווידער מינדערן און מערן.
ווידער לינדערן און שווערן.
ווידער מונטערן צו ווערן.

איך בין דא! — ניט אויפצוהערן!

## פינפטער אריינפיר

### ד

# איז געווען דער ווי פון איידער-איידער:

זאָל אויפגיין ווער

זאָל אויפגיין ווער און אונטערגיין אין מיר —
וועל איך האָבן אַ געדיינקעניש. —
וועל איך זיך צעליכטיקן פון בייגקעניש.

ועט ווערן טאָג, ועט ווערן נאַכט,
די אייביקייט פון טאָג און נאַכט. —
אויף אַלעמאָל אַ טאָג און נאַכט,
מיט אַלעמען אַ טאָג און נאַכט,
און ווידער טאָג.

וועט ווערן באַרג, און באַרג אַראָפּ,
די אייביקייט פון אויף און אָפּ. —
אויף אַלעמאָל אַרויף אַראָפּ,
מיט אַלעמען אַרויף אַראָפּ,
און ווידער אויף.

פינפטער ארײַנפיר

ה

## איז געווען דער ווײ פון אײדער-אײדער:

כסדר אײדער נאָכאַנאַנד

וועט זײַן מיט אַלץ — כסדר אײדער נאָכאַנאַנד.
נאָר יעדער סוף וועט פּחד'ן —
ווי אַן אָפּגרונט נאָך אַ ראַנד.

איך וועל זײַן אויף אַלעמאָל מיט אַלעמען
אין אָפּענער געהײם.

וועט זײַן: דער טויט וועט גאָרניט זײַן —
און טויט וועט שרעקן דורכן גאַנצן זײַן.

איך וועל רוישן צו דערקלערן —
קײנער וועט מיך ניט דערהערן.

איך וועל זײַן פאַר אַלעמען צו זען —
קײנער וועט מיך ניט דערזען.

## פינפטער אריינפיר

### ו

## איז געווען דער וויי פון איידער-איידער:

וועט וועלן מענטש

וועט וועלן מענטש, וועט וועלן שטיין,
די אייביקייט פון גאַר אַליין. —
קיינער וועט מיך ניט פאַרשטיין.
איינער וועט דעם צווייטן ניט פאַרשטיין.

וועט זיין אַ מורא אין דער וועלט.
די מורא איבער אַלע מורא'ס אין דער וועלט. —
די מורא פון פאַרלוירן אין דער וועלט.

וועט זיין אַ ווילן אין דער וועלט.
דער ווילן איבער אַלע ווילנס אין דער וועלט. —
אַפּצואוועגדן פון דער מורא אין דער וועלט:

## פינפטער אריינפיר

ז

### איז געווען דער וויי פון איידער-איידער:

וועט וועלן וועלט

וועט וועלן גראז — אריבער בוים.
וועט וועלן בוים — אריבער רוים.
וועט וועלן רוים — אריבער סוף.
סוף ——————— אריבער זיך ארויף.

פלאם — וועט עסן שטאם.
ים — וועט שלינגען פלאם.
ערד — וועט טרינקען ים.
תהום — וועט זינקען ערד.
טיף — וועט זויגן תהום.
אראפ — וועט ציען טיף.
דערנאך — וועט שלעפן נאך.

פינפטער אַריינפיר

ח

## איז געווען דער ווײַ פון אײדער-אײדער:

וועט וועלן אַלץ

אַ קלאַנג וועט זיך שלענגלען ווי אַ שלאַנג.
אַ רויך וועט זיך זוכן אין געדאַנק.
אַ בלעטעלע וועט אָפּנאַרן אַ קאַץ.
אַ בין וועט דערשרעקן אַ לייב.
אַ טיגער וועט פאַלן ווי אַ פליג.
אַ פלאָם וועט פאַרלירן מיט אַ זיג.
אַ וויכער וועט געווינען אין אַ קריג.
אַ שטויבעלע וועט לויפן ווי אַ הירש.
אַ שטיינדעלע וועט רוען ווי אַ פעלז.
אַ פישעלע וועט שלאָפן אין ים.
אַ טראָפּן וועט זיך וויגן ווי אַ וואַלד.
אַן עפּל וועט זיך דרייען ווי די וועלט.
אַ ווינטעלע וועט הרג'ענען אַ מענטש.
אַ דונער וועט געוואַלדן: איך בין גאָט.

פינפטער אריינפיר

ט

## איז געווען דער וויי פון איידער-איידער:

רייץ פון ערשטן יאר

דער ווילדער רייץ פון ערשטן יאר —
וועט זיין צעפלייץ אויף אלע יאר.

אלע שפעטערס וועלן קומען מיטן אימפעט פון בראשית.

יעדער זאך וועט קעלטן אין דער וועלט.
וועט זיין די קעלט פון איידער וועלט
אין אלע זאכן אויף דער וועלט.

יעדער רים און יעדער רויש פון זאכן
וועלן זיין לשונות.
וועט זיין די שרעק פון איידער וועלט
אין אלע זייערע קולות.

אלע זאכן וועלן שטארן מיט דער וויסטעניש פון תהו.
אלע אויגן וועלן גלאצן מיט דער ווילדקייט פון ובהו.
פון אומעטום וועט שלאגן פחד פון בראשית.

## פינפטער אריינפיר

י

# איז געווען דער וויי פון איידער־איידער:

### ביינקשאפט פון בראשית

וועט זיין דאס ביינקען פון בראשית
וואס וועט ציען:

גאט צו גאט
און וועלט צו וועלט
און מענטש צו מענטש
און מין צו מין
און ים צו ים
און ערד צו ערד
און ווינט צו ווינט.

נאר איינער צו דעם צווייטן
וועט זיך נאענטן מיט מורא.

מיט דער מורא
וואס האט אויפגערודערט בראשית.

[זע: פערטער אריינפיר ב.]

## פינפטער אריינפיר

### יא

# אין געווען דער ווײ פון אײדער-אײדער:

### און וואָס ס'עט זײַן

און וואָס ס'עט זײַן —
וועט זײַן אויף הפקר אומצוקומען.

וועט זײַן אין שפּאַר פון צווייטנס קומען —
אומצוקומען.

מיטן ווינט אַוועקגענומען.

מיטן וואַסער צוגענומען.

מיטן פלאַם אַהינגעקומען. —
צו דער ערד צוריקצוקומען.

אין דער וועלט אַרומגענומען.

אוואו ס'עט זײַן אַ לעבן —
וועט זיך מערן אין דערנעבן.
יעדער לעבן וועט זיך נערן פון צעשטערן.
אַזוי — פלאַנץ.
אַזוי — מין.
אַזוי — מענטש.

# פינפטער אריינפיר

## יב

**איז געוועזן דער ווײ פון אײדער-אײדער:**

וועט זײן אַ גלוסטונג

וועט זײן אַ גלוסטונג אין דער וועלט.
איבער אַלע ווערטן אין דער וועלט.
צו באַצויבערן דאָס לעבן אין דער וועלט.

וועט זײן אַ חלום אויף דער ערד.
איבער אַלע פּײנען אויף דער ערד.
צו פאַרווירקלאַכן דעם חלום אויף דער ערד.

## פינפטער אריינפיר

### יג

**איז געווען דער ווי פון איידער-איידער:**

אין ווייט פון צייט

אין ווייט פון צייט וועט זיין באַדויער.
אין יעדן וועלק וועט בליען טרויער.

## פינפטער ארײנפיר

### יד

## איז געװען דער װײ פון אײדער־אײדער:

א קינד פון ערשט געבוירן
אומעטום װעט זײן געװײן פון שוין געשען.
אלעמאל װעט זײן געװײן װאס װעט נאך זײן.

מיט אלץ װעט האבן נאך פאסירט.
אלץ װעט װערן נאך פארפירט.

אויף אלע פנים'ער װעט װײען
א געװײטער פון געטראפן. —
א כמארע פון פארלאפן.

א קינד פון ערשט געבוירן
װעט שוין הויערן מיט טריבקייט פון פארלוירן. —
װעט שוין װײנען אויף א פריער אנגעװאוירן.

פינפטער אריינפיר

טו

## איז געווען דער וויי פון אײדער-איידער:

יעדער ערשט פאַסירט

יעדער ערשט פאַסירט —
וועט קומען פון אַ פריערן פאַרפירט.
צו אַ שפעטערן צעפירט.
צו אַ ווידערן דערפירט.
צו אַ ווייטערן פאַרפירט.
צו אַן אַנדערן פאַסירט.

## פינפטער אריינפיר

### טז

## איז געוועזן דער ווי פון איידער-איידער:

נאָך און נאָך

יעדער איצט — וועט ווערן שפּעט.
יעדער שפּעט — וועט ווערן ווען.
יעדער ווען — וועט ווערן שוין.
יעדער שוין — וועט ווערן נאָך.
יעדער נאָך — וועט מערן יאָך.
יעדער יאָך — וועט ווערן מאָך.
איבער מאָך — וועט וואַקסן נאָך.
נאָך — וועט ווידער ווערן מאָך.
נאָכאַנאַנדער — מאָך און נאָך.
צו אַן אַנדער — נאָך און נאָך.

## פינפטער אריינפיר

### יז

## איז געוועזן דער וויי פון איידער-איידער:

אַלץ וועט זיין פון שטויב

אַלץ וועט זיין פון שטויב.
שטויב וועט זיין פון האָלץ.
האָלץ וועט זיין פון בוים.
בוים וועט זיין פון זאָם.
זאָם וועט זיין פון ערד.
ערד וועט זיין פון תהום.
תהום וועט זיין פון תהו.
איך מוז צו וועלן ענדער!

פינפטער אריינפיר

יח

## איז געווען דער וויי פון איידער-איידער:

ברואים וועלן זיין געבויגן

אַלע ברואים וועלן זיין געבויגן צו דער ערד.
מיט די פּים און מיט די לאַפּעם צו דער ערד. —
נאָר צו נישטערן די ערד.
נאָר צו זוכן זיך אין ערד.
נאָר צו זעטן זיך פון ערד.

## זעקסטער אריינפיר

## א

### איז געווען דער וויי פון איידער-איידער:

# ווערט זיין דער מענטש

דער ערשטער מענטש וועט הייסן אָדם
און דער נאָמען וועט באַדייטן אַלע דורות:

אָדם — מענטש,
אָדום — רויט,
דם — בלוט.
בלוט — נפש.
אַזוי זיין גוף,
אַזוי זיין שם,
אַזוי אויף אייביק זיין פאַרנעם.
אַזוי אויף אייביק זיין באַרוף.
אַזוי זיין גאַנצע האָב און גוט.
— בלוט. —

זעקסטער אריינפיר

ב

איז געווען דער ווי פון אײדער-אײדער :

# וועט זיין דער מענטש

וועט זיין דאָס קול פון ווינטן,
פון וואַסערן,
פון וועלדער,
פון חיות,
מיט אַ קול אַזוי ווי מענטש.
דאָס קול פון מענטש —
דאָס קול פון גאַר דער וועלט.

און וואו דער מענטש וועט זיין —
וועט זיין באַערט די ערד.
וועט זיין באַשערט דעם ווילן פון דער ערד —
צעאַקערט און פאַרמערט.

און וואו דער מענטש וועט זיין —
וועט זיין באַזעלט די וועלט.
וועט זיין באַזינט די וועלט.

וועלט וועט האָבן זון.
מענטש וועט זוכן זין.

## זעקסטער אריינפיר

### ג

איז געוועזן דער ווײ פון איידער-איידער:

# וועט זיין דער מענטש

מענטש וועט זיין דער שטאָלץ פון אַלע מינים —
אויסגעצויגן צו דער הויך.

פּים צו ערד — און קאָפּ צום הימל —
מיטן האַרץ צו גאַרע ווייטן.

אים — דאָס וואָרט צו זוכן צייטן.
אים — די מאַכט צו אייביקייטן.

זעקסטער אריינפיר

ד.

## איז געוועזן דער ווי פון איידער־איידער:

# וועט זיין דער מענטש

וועט זיין דער מענטש צו וועקן —
און אליין זיך שרעקן —
פאר זיין אייגענעם בארוף.

וועט זיין דער מענטש צו שאפן —
און אליין פארטיליקט ווערן —
פון זיין אייגענעם באשאף.

וועט זיין די ביינקשאפטן אין מענטשן
צו באוועלטיקן די הויכן.

וועט זיין דאס ליכטן פון די הויכן
צו דערזעען זיך אין מענטשן.

[זע: והיה באחרית הימים ג]

זעקסטער אריינפיר

ה

איז געווען דער ווי פון איידער-איידער:

# וועט זיין דער מענטש

מענטש וועט זיך דערזען אין אומעטום —
אזוי ווי גאט.
וועט וועלן מענטש — אריבער גאט.
אזוי ווי גאט — אריבערן אחד.
ווי אחד — אריבער זיינע צען געבאט.

[זע: והיה באחרית הימים ד]

זעקסטער אריינפיר

ו

איז געוועזן דער ווי פון איידער־איידער:

# וועט זיין דער מענטש

וועט זיין דאָס וואָרט פון מענטש —
אַריבער יעדן ווערט.
נאָר די תורה אין די ווערטער —
וועט נישט גילטן אויף דער ערד.

וועט זיין דער חלום אין די ווערטער —
אין די העלסטע קלאָרן.
נאָר די טוגנט פון די ווערטער —
וועט נישט וואָרן.

מענטש וועט אייביק ווילדן אויף דער ערד.
אַזוי ווי ערשט געקומען אויף דער ערד.
ווי לאַנג עס וועט אים צו־האַלטן די ערד.
ביז ער וועט אַנטרינען פון דער ערד.

[זע: והיה באחרית הימים ח]

זעקסטער אריינפיר

ז

## איז געוועזן דער וויי פון איידער-איידער:

# וועט זיין דער מענטש

יעדער שטוים פאָרוים וועט זיין געשטאַרקט —
פון טראָט צוריק.

פון צוריק —
וועט וואַקסן גרויס דעם מענטשנס גליק.

פאַר דער צייט פון העכסטן גליק —
וועט ווערן פינצטער אומעטום.

לויטן שטייגער פון כסדר.

לויטן סדר נאָך פון איידער.

לויטן איידער נאָך פון איידער-איידער.

[זע: והיה באחרית הימים א]

## זעקסטער אריינפיר

### ח

### איז געווען דער ווי פון איידער-איידער:

# ווערט זיין דער מענטש

ווערט זיין א בוים, א גראָז, א בארג, א טאָל, —
אין געשטאַלט פון ערשטן אָדם וואָס ווערט זיין.
אין געבעט פון ערשטן אָדם וואָס ווערט זיין.
אין דערהויבונג, אין דערנידערונג, פון ערשטן אָדם.

און ווי די וועלט ווערט זיין —
ווערט זיין דער מענטש:
א מענטש — א בארג.
א מענטש — א טאָל.
הויך און נידער אומעטום.
געזעץ אויף אַלעמאָל.

און וואָס די וועלט ווערט זיין —
ווערט זיין די וועלט בצלם מענטש.

און וואָס דער מענטש ווערט טאָן צו זיין —
ווערט זיין דאָס טאָן בצלם מענטש.

וועלט — בצלם מענטש.
מענטש — בצלם אלהים.
אלהים — בצלם אַלץ.

זעקסטער אריינפיר

ט

## איז געוועזן דער ווי פון איידער-איידער:

# וועט זיין דער מענטש

אומעטום וועט זיין געשריי: איך.
איך — פלאם.
איך — ים.
איך — שטאם.
איך — מין.
איך — מענטש.
יעדער קול פון מענטש: מיר —
וועט מיינען: איך.
יעדער קול פון מענטש: אונז —
וועט מיינען: איך.
יעדער טראכט און יעדער ריר —
איך.
אלע — איך.
איך — אלץ.
לויטן ערשטן ווי-געשריי פון איידער-איידער:
„איך! — וויל!“

[זע: פינפטער אריינפיר א.
קאמף אין דער טויטער וועלט.
קאמף בא די לעבעדיקע מינים.]

## זעקסטער אריינפיר

י

### ספער

איז געווען דער ווי פון איידער־איידער,
האָט אַרויסגעשריגן:

# ספער

און עס איז געווען:
אַזוי ווי איידער נאָך דער ווי פון איידער־איידער.
ווי גאָרנישט געווען.
ווי קיינמאָל געווען.

און וואָס סע איז געזאָגט געוואָרן —

איז געבליבן.

איז פאַרבליבן אויף צו ווערן.

איז פאַרזונקען — אויפצוגיין.

לויטן שטייגער פון כסדר.
לויטן סדר נאָך פון איידער.
לויטן איידער נאָך פון איידער־איידער.

[זע: פערטער אַריינפיר ה.
והיה באחרית הימים ית.]

# זיבעטער ארייגפיר

## א

— איז אַן אייביקייט אַוועק
האָט געטראָפן מיט גאָרנישט.

### ווי אַזוי איז געוואָרן גאָרנישט

צוערשט איז געווען אַ סימן פון גאָרנישט.
דערנאָך איז געוואָרן עפּעס גאָרנישט.
דערנאָכדעם איז געוואָרן אַ ביסעלע גאָרנישט.
נאָכער איז געוואָרן אַ סך גאָרנישט.
שפּעטער איז געוואָרן אַן אַ שיר גאָרנישט.
צום סוף איז געוואָרן אומעטום גאָרנישט.
— אַזוי איז געשען מיט גאָרנישט.

## זיבעטער אריינפיר

ב

**איז אָן אייביקייט אַוועק —**
**איז געוואָרן מין.**

## ווי אַזוי איז געוואָרן מין

דאַכט־זיך האָט געבוירן אַ באַשעפעניש —
האָט דאָס קערפּערל געהייסן: כמעט.
כמעט האָט געבוירן אַ באַשעפעניש —
האָט דאָס נפש׳ל געהייסן: אַזוי־ווי.
אַזוי־ווי האָט געבוירן אַ באַשעפעניש —
האָט דאָס חיות׳ל געהייסן: ענלאַך.
ענלאַך האָט געבוירן אַ באַשעפעניש —
האָט דאָס ווענדל געהייסן: פּונקט.
פּונקט האָט געבוירן אַ באַשעפעניש —
האָט דאָס וועלערל געהייסן: ריכטיק.
ריכטיק האָט געבוירן אַ באַשעפעניש —
האָט דאָס לעבן געהייסן: פאַלקאָם.
און דאָס לעבן האָט זיך געמערט.
און דאָס לעבן איז פאַרבליבן.
— אַזוי האָט פּאַסירט מיט איין־ערליי.
— אַזוי האָט פּאַסירט מיט אַלערליי.

זיבעטער אריינפיר

ג

איז אן אייביקייט אוועק —
איז געוואָרן מענטש.

# ווי אַזוי איז געוואָרן מענטש

אומרו איז פאַרגאַן אין טראָגן מיט אַ מענטש.
האָט אומרו זיך פאַרקוקט אויף יאוש.
יאוש האָט אַ זיפץ געטאָן פאַר צווייפל.
צווייפל האָט עס אויסגעהערט מיט ספק.
ספק האָט געקווײנקלט מיט פיליכט.
פיליכט האָט זיך דורכגעשמועסט מיט אפשר.
אפשר האָט זיך נאָכגעפרעגט בא טאָמער.
טאָמער האָט געגישטעדט בא מסתמא.
מסתמא האָט געדרונגען אַז ס'איז מעגלאַך.
מעגלאַך האָט געוויזן אויף ווארשיינלאַך.
ווארשיינלאַך האָט אַ ווינק געטאָן אויף גריילאַך.
גריילאַך האָט זיך צוגעשאַרט צו טאַקע.
טאַקע האָט אריינגערוימט אוואַדע.
אוואַדע האָט זיך אויסגעלאַכט פון זיכער.
זיכער האָט געשטורעמט אויף באַשטימט.
באַשטימט האָט אַ זעץ געטאָן געווים.
געווים האָט געוואָרפן זיך אויף אמת.
אמת איז געפאַלן אויפן האַרץ.
— אַזוי איז געוואָרן דער מענטש.
— אַזוי איז פאַרבליבן דער מענטש.
און אַלע מיינען: איך — בין אמת.

## זיבעטער אריינפיר

ד

# גאָט

גאָט אַליין — איז ניט אַליין —
אַ פּאַריין.
אַ געזעלשאַפט פון געטער:

יהוה.
אל.
שדי.
אלהים.
אדני.

און דער בונד פון אַלע געטער —
איז אַ סוד:
אחד.

[זע: פערטער אריינפיר ב:
בראשית'ן האָט אויפגערודערט מורא.]

זיבעטער אַריינפיר

ה

## אַ פאַריין פון גאָרנישט

גאָרנישט אַליין —
איז פון צוויי אַ פאַריין:

גאָר,
נישט.

„גאָר" איז פאַרייניקט מיט „נישט"
און דערציילט:

גאָר —— נישט.

גאָר — איז אַ סך.
נישט — איז אַפילו ניט איינס. —
אַלציינס:

גאָרנישט.

# זיבעטער ארייַנפיר

## ו

## אַ פאַרהאַנג צערעדט זיך

אַ פאַרהאַנג
צערעדט זיך
מיט ווינטן
אינמיטן באַטאָג
באַ אַן אָפענעם פענצטער
אַ וועלטלאַכן לשון.

קלאָרע דבורים אַזוי ווי די זון.
נאַקעטע ווערטער אַזוי ווי די לופט.

פאַר יעדערן אויג.
פאַר יעדערן אויער.

און דער גאַנצער געשפרעך —
פאַרבלייבט אַ סוד.

# 4. נעהיימען אין דער וועלט

[איין אריינפיר

און צוועלף קאפיטלאך]

ז. 73-108

# געהיימען אין דער וועלט

## אריינפיר

איך וועל טיפן זיך אין וועלט,
אינם סוד פון דער וועלט.
אויבנויף איז אין געהיים.
איך וועל נעמען נאָענט —
און דערווייטערן צום האָריזאָנט.
אַלע אין דערנעבן
זענען וואַנדערער פון אַ ווייטן לעבן:
די גאַנצע וועלט — אַ גאָרטן —
פאַר די געסט פון אויבנוערן:
די זון פאַרברייננגט דאָ אירע יאָרן—
און איר היים איז גאָר אין הימל.
קוואַלן קומען דאָ צו זינגען —
און זיי קוועלן גאָר פון תהום׳ען.
אַלע שטערן קוקן גערן
אויף די וואונדער אין דער נידער. —
איך בין אויך אַ זון.
איך בין אויך אַ קוואַל.
אַ פלאַנעט פון אומבאַשטימטע ווייטן.
אַ פלאַנעט צו ווייטע צייטן.
איך קום אַרויס פון חושך
מיט אַ העלקייט צו באַלויכטן.
איך קוואַל אַרויס פון טיפן צו דערהויבן.
איך בין וועלט׳ס אַ זינגער — צו באַזינגען.

# געהיימען אין דער וועלט

## ערשטער קאפיטל

### דאס פנים פון דער וועלט

1 דאס פנים פון דער וועלט איז אומעטום. —
אריינגעראמט אין ראם פון רוים ארום.

2 וועלט איז אומעטום די היים. —
א געהיים אינמיטן פון דער היים.

3 זעסט — און ניט דערזעסט.
הערסט — און ניט דערהערסט.
נאר פארהערט.
נאר פארזען.

4 די גאנצע וועלט איז נאר אזוי־ווי.

אזוי ווי וואר.
אזוי ווי קלאר.

א געדאכט.

א דאכטן פון א טראכטן.
און אויסווייז פון סע ווייזט זיך אויס.

# געהיימען אין דער וועלט

## ערשטער קאפיטל

### ליכט און חושך

5 אפילו קלאר איז ניט דערקלערט.

ליכטיקייט וואס בלענדט —
בלינדט.

6 אין אנגעזיכט פון שארפע ליכט —
איז פינצטער אומגעריכט.

7 אין אנגעזיכט פון אומגעריכט —
פלאקערט פינצטערניש מיט ליכט.

8 יעדער איבעראש —
בארוישט.
פארטוישט.
פארמישט.
צעטאשט.

# געהיימען אין דער וועלט

## ערשטער קאַפּיטל

### ב אַ נ אַ כ ט א י ז ב ר א ש י ת

9 נאַכט אין פעלד.
חושך־ליער.
פאַרלוירן.
וועלט איז אָנגעוואוירן.

אומעטום איז דאָ־ניטאָ.

נאָך אַפילו הימל ניט פאַראַן.
זון איז נאָך אויף יענער זייט באַנעם.
אויף יענער זייט רוים.

רוים איז ערשט אין רעיון באַ דמיונות.
וועלט איז נאָך אַפילו ניט אין חלום.
דמיון חלום׳ט ערשט צו ווערן.

בלינדעניש איז נאָך אין זאַווערוכע.

תהו און ובהו זענען אויפגעוואַכט
און ווילדן שטומערהייט פאַרלוירנקייט.

# געהיימען אין דער וועלט

## ערשטער קאַפּיטל

### טאָג און נאַכט

פאַרנאַכט — איז פרימאָרגן — באַ אָוונט.
באַטאָג — איז באַנאַכט — פאַר דער נאַכט.

באַטאָג און באַנאַכט
זיינען היטער באַ צייט. —
זיי צינדן און שווינדן
אין אייביקן בייט.

זיי וואַרטן זיך אָפּ
באַ די ראַנדן פון וועלט. —
און פאַלן אַראָפּ
אויפן ים, אויפן פעלד.

באַטאָג — שלאָפט באַנאַכט,
באַנאַכט — שלאָפט באַטאָג. —
און עלטערן די וועלט
מיט אַ נאַכט, מיט אַ טאָג.

# געהיימען אין דער וועלט

## צווייטער קאפּיטל

### זון

1 דער קוואַל פון זון איז הייסע וויסטעניש.
א ים פון קאַכעדיקע פינצטערניש.

2 טיף אין הימל איז די זון — א תהום פון חושך.
בליאַסקענדיקער פחד.

3 דאָס פנים פון דער זון — איז ניט צו זען.

4 די זון באַלייכט די גאַנצע וועלט —
איר אייגן פנים לאָזט זי ניט דערזען.

# געהיימען אין דער וועלט

## צווייטער קאַפּיטל

### שטערן

5 יעדער שטערן
איז אַריינגערוימט אַ סוד אין רוים אַריין.

6 רוים אַליין
איז איינגערוימט אַ סוד אין זיך אַליין.

# געהיימען אין דער וועלט

## צווייטער קאַפּיטל

### די גאַנצע וועלט — צוליב דער ערד

7 אומעטום איז אויבן — הימל.

8 אַלע שטערן האָבן יעדן אָוונט אַ פאַרזאַמלונג
וועגן תכלית פון דער ערד.

9 די לבנה שווימט אין הימל
ניט צו לאָזן עלנטן די ערד.
ניט דערלאָזן מרה שחורה אויף דער ערד.

10 גאָר די פייערדיקע זון איז אָנפּאַרטרויט,
אָבער גאָר פון ווייטן —
אויפצוהאַלטן אַלע לעבנס אויף דער ערד.

11 צוויי פּלאַנעטן זיך אַ קעגן לויפן —
מיט אַ כיוון ניט באַשערט.
צוליב דעם קיום פון דער ערד.

12 אַלע הימלשע מזלות
איז אַראָפּצונידערן פאַרווערט.

# געהיימען אין דער וועלט

## צווייטער קאפיטל

### פלאנעטן

13 פלאנעטן וואגלען אין די ספערן
מיט דערוואַרטונג אויף בראשית.
צו געשטאַלטן זיך אין סדר פון בראשית.
אַריינצוקומען אין די סכומען פון געזעצן.
אַריינגעצאַמט צו ווערן אין דער וועלט
פון צען געבאָט:
מאָס — מוז.

14 און די וועלט אינמיטן צענטר —
איז שוין אויסגעמאַטערט פון די מוזן. —
שוין אינמיטן ווערן אַ צעשטערן.

# געהיימען אין דער וועלט

## צווייטער קאַפּיטל

### ל ב נ ה

15 די לבנה איז כסדר אומעטיק.
שוין וויפיל מאָל אַרומגערייזט די וועלט
און קיינער קען איר נישט דערפרייען.
ניט די זון, און ניט די שטערן.
און אַוואַדע נישט דאָס קלערן.

# געהיימען אין דער וועלט

## צווייטער קאַפּיטל

### ו ו י ל ד ן

16 ווינטן וויינען פאַר געצעלטן
ווי די ווילדן פאַר די וועלטן.

ים'ען שטורעמען כסדר
מיטן רעש פון איידער־איידער.

בליצן בלאַנקען אין די ספערן
ווי געדאַנקען פאַרן ווערן.

אַלעמאָל — בראשית.

# געהיימען אין דער וועלט

## דריטער קאַפּיטל

### אויפגעעפנט איז פאַרמאַכט

א

1 אויפגעדעקט — איז צוגעדעקט — פון איבער זיך.

2 ניטאָ נאַקעט. —
נאַקעט איז פאַרשטעלט.

3 יעדער נאַקעט איז באַהאַלטן אונטער הויט.

4 אויף יעדער הויט איז דאָ אַ הייטל — צו פאַרהיטן.—
ניט דערלאָזן ווילדן דרויסן
אָנצופאַלן אויף אינעווייניק. —
ניט אַ רירעלע. —
ניט אַפילו בלויז אַ בלאָזעלע. —
גאָרנישט. —

5 אַפילו גאָרנישט איז געפאַר.

# געהיימען אין דער וועלט

## דריטער קאַפּיטל

### אויפגעעפנט איז פאַרמאַכט

### ב

6 בלוטן פליסן אונטער הויטיקע טונעלן.

7 אונטער הויט — איז רויט.
רוי.
רײַן.
היים.
פלים־היים.

8 אונטער הויט — איז ציטערדיק.
מיוחס׳דיק.
סכנה׳דיק מיוחס׳דיק.
הוילע־חלילה.
תמיד תפילה׳דיק.

9 בלוטן פליסן אין די אָדערן — און מורמלען: איך!

[זע: זעקסטער אַריינפיר, ט:
אומעטום וועט זיין געשריי: איך.]

# געהיימען אין דער וועלט

## דריטער קאַפּיטל

### אויפגעגעפּנט איז פאַרמאַכט

ג

10 יעדער לעבן איז פאַרצאַמט.
פאַרשטעלט.
אַרומגעהילט מיט ווענטעלאַך:

אַ בלום.
אַ מילב.
אַ מענטש.

11 דאָס לעבן נערט זיך פון דער וועלט —
און טאָר זיך ניט דערזעען מיט דער וועלט.

# געהיימען אין דער וועלט

## דריטער קאפיטל

### אויפגעעפנט איז פארמאכט

ד

12 אומעטום איז אינעווייניק.
13 אינעווייניק שטורעמט דינאמיט. —
בריט. ציט.
14 יעדער אויסערלאך דערציילט פון אינערלאך.
15 יעדער אויסערלאך איז נאר צוליב דער אינערלאך.
16 אויגן זענען פענצטערלאך — ארײַנצוקוקן.
17 יעדער זע — איז צו דערזען.
18 יעדער הער — איז צו דערהערן.
19 יעדער שפיל — איז זיך פארשפילן.

20 תמיד — תוך.

21 פינגער זענען אויפצוקאכן טיפן.
22 יעדער גלעט איז טיפם געבעט.
23 יעדער ציטער איז פון אינעווייניקסטן געוויטער.
24 א קוש איז גאר ארײַנצושלינגען.
25 אלע גלידער צאפלען זיך ארײַנצודרינגען.
26 א בים באגערט נאך מער.

# געהיימען אין דער וועלט

## דריטער קאַפּיטל

### אויפגעעפנט איז פאַרמאַכט

ה

27 יעדער ריר איז מיטן כוח פון פאַרבאָרגן.

28 אַלע הערצער וועקן אין געהיים.

29 גלוסטן ציען צו די ווינקלען.
אין צעווישן.

30 אין דער טונקל — רעגן בולט'ער באַגערן.

31 אין דער פינצטער — בליצן רייצן.

32 זאָמען־זי און זאָמען־ער —
צערייצן צו פאַרקער.

33 שטראָמען זאַמלען זיך צונויפצוקוועלן.

34 פאַרבאָרגן ברויזט אַריבער אין פאַרבאָרגן.

35 די ווילנס זענען ראַשיקער אין שפּאַלטן.

# געהיימען אין דער וועלט

## דריטער קאַפּיטל

### אויפגעעפנט איז פאַרמאַכט

### ו

36 יעדער לעבן ווערט באַשאַפן אין באַהאַלטן.
אַפילו שטורעם ווערט געבוירן אינדערשטיל.

37 אַלע לעבנס שטאַמען פון דער פינצטער:
מענטש.
גראָז.
געדאַנק.

38 דורך חושך האָט זיך דורכגעשפּאַרט די זון.

39 די מאַמע פון דער גאַנצער וועלט איז תהו ובהו.

# געהיימען אין דער וועלט

## פערטער קאַפּיטל

### וואו מען קען ניט זען—ווערט

1 וואו מען קען ניט זען — ווערט.
2 וואָס מען זעט — איז שוין געוואָרן.
3 וואָס געוואָרן — ווערט שוין אויס,
צו ווערן עפּעס אַנדערש אין געהיים.
4 אויפגעהערט צו קאָנען ווערן —
מוז מען ווערן אויס.
אויפגעהערט צו שטייגן העכער —
מוז מען נידערן אַראָפּ.
5 ווערן אויס — איז אויך אַ ווערן —
באַ צעשטערן.
6 דאָס ווערן פון אַ גראָז,
איז אַ סוד פאַר דער ערד. —
ווי מענטש פאַרן מענטש.
7 יעדער צווייטעלע באַזונדער —
האָט זיין היים.
8 פאַר דער וועלט —
איז יעדער בוים באַזונדער.
איינגעגראָבן מיט די שטאַמען —
לעבן זיי צוזאַמען.

# געהיימען אין דער וועלט

## פינפטער קאפיטל

### דרויסן — וואוינט נישט אויף דער גאס

1 יעדער דרויסן האט זיין אייגענעם געשטאלט.
זיין באזונדערן קאליר.

2 דרויסנס זענען אן א צאל. —
אזוי ווי ווינטן.

3 אינעווייניק אויף דער גאס —
איז דרויסנס טיף.

4 יעדער דרויסן האט זיין אייגענעם פארבארג.
זיין אייגענעם באהאלט.
זיינע אייגענע געהיימען.

5 דרויסן וואוינט בא זיך אין הויז.

# געהיימען אין דער וועלט

## זעקסטער קאַפּיטל

### אָפּגעלעבט — לעבט

יעדער אָפּגעלעבט און אַלט —
פאַרוואַנדלט אין אַ ניי געשטאַלט.
אַ נייע זעג מיט שאַרפע ציין —
געוואָרן פון אַ טעמפּן שטיין.
שטיין אַליין —
געוואָרן פון אַן אַלטן ביין.
ביין אַליין —
געווען אַמאָל אַ מענטש מיט שאַרפע ציין.
מענטש אַליין —
אַמאָל געציטערט איבער זיין געביין.
אַמאָל אַליין פאַרטראַכט זיך אויף אַ שטיין. —
געזוכט די אייביקייט פאַרשטיין.

# געהיימען אין דער וועלט

## זיבעטער קאַפּיטל

## עטלעכע ערליי

### שפּיל-ציל

ס'איז צו זינגען און צו וויינען
פון די צילנדיקע חיינען.
פון די שפּילנדיקע מיינען.
פון די מינענדיקע ריינען.
פון די אומעטיקע שיינען.
פון די ציכטיקע אַליינען.
פון די רייצנדיקע ניינען.

### דוקא

דוקא שרייען קאָן אַ שטומער.
דוקא לויפן וויל אַ לומער.
דוקא זומער שרעקט אַ דונער.

אַמאָל איז זינד צו זיין אַ פרומער.
אַמאָל איז גלייך צו זיין אַ קרומער.
אַמאָל איז קלוג צו זיין אַ דומער.

# געהיימען אין דער וועלט

## זיבעטער קאַפּיטל

### אַ האַמער שלאָגט אַ צוואָק

אַ האַמער שלאָגט אַ צוואָק איבערן קאָפּ
און צווינגט אים צו גראָבן זיין אייגענעם קבר. —
אַ צוואַנג באַפרייט פון געפאַנג.

### אין דרוק פון וואָרט

אין דרוק פון וואָרט מיט שוואַרץ אויף קלאָר —
איז דאָ דער בונד פון טרוים און וואָר.

### אַ מערעשקע פאַרבלאָנזשעט

אַ מערעשקע — פאַרבלאָנזשעט פון איר היים —
געפינט איר הײמלאַנד אין דער פרעמד —
שוין אָנגעגרייט געהיים.

### אויסגעגאָסן וואַסער

אויסגעגאָסן וואַסער —
איז אַריינגעגאָסן
אין דער אייביקייט.

### די פרייד פון נאָך דער לייד

די פרייד פון נאָך דער לייד —
פליסט אַריבער אַלע גרעניצן פון אויסלאָז.

# געהיימען אין דער וועלט

## זיבעטער קאפיטל

### די קונסט פון ווארט

די קונסט פון ווארט
איז אלע קונסטן צוזאמען.

### נאך א שטורעם

א רגע שטילקייט נאך א שטורעם — א בית-עולם.

### ניטא אן א שיר

ניטא אן א שיר. —
דער גרעסטער אן א שיר איז מיט א צאל.

### אלע איינזיינעמס

אלע איינזיינעמס זענען פון אליינענס.

### א סתירה

די גאנצע וועלט איז זיך אליין א סתירה.
די גאנצע וועלט איז רואה ואינו נראה.

### א חיה איז נאקעט

א חיה איז נאקעט — אזוי ווי די וועלט.
א מענטש איז פארקנעפלט — אזוי ווי זיין „איך“.

### ווער ס'איז געגן מיר

ווער ס'איז געגן מיר — איז אונטער מיר.
ווער ס'איז מיט מיר — איז איבער מיר.

# געהיימען אין דער וועלט

## אכטער קאפּיטל

### תהו ובהו—צום סוף

אומעטום איז זע, זינג, לערן. —
פון גראָזן, פון בוימער, פון שטערן.

פון „איצט“ — איז צו לערנען — „געוועזן“.
אין „פאַראַן“ — איז שוין דאָ: — „עס וועט זיין“.

יעדער לעבן איז אַ פייער —
פון אַ לעבן אויסגעלאָשן.

יעדער דור איז אָנגעצונדן —
פון די דורות'דיקע פלאַמען.

וועלט אַליין איז מיטן כוח —
פון די פריערדיקע וועלטן.

תהו ובהו —
וועלן ווילדעוועןן צום סוף.
אַלעמאָל — בראשית—אינמיטן.

[זע: סוף והיה באחרית הימים]

# געהיימען אין דער וועלט

נײנטער קאַפּיטל

## בוימער

### א

ד י   ע ר ד   ה אָ ט   א י ר   ה י י ם

די ערד האָט איר הײם אין דער טיף.
אַ בוים האָט זײן הײם אין דער ערד.
אַ צווײג האָט זײן הײם אינם בוים.
אַ בלאַט האָט זײן הײם אויפן צווײג.
אַ זשוק האָט זײן הײם אויפן בלאַט.
אַ מילב האָט איר הײם אויפן זשוק.
אַ מיקראָב לויפט אַרום אין דער מילב
און ער נישטערט: װוּ איז דער סוף?

# געהיימען אין דער וועלט

נײנטער קאַפּיטל

## בוימער

ב

## אלטע בוימער זענען גרייט

אַלטע בוימער
שטייען אָנגעטאָן אין דיקע קליידער.
פאַרבאַרייט צו ווייטע צייטן.
ווען די זון וועט ווערן אַלט.
וועט ווערן קאַלט.
ווי איידער וועלט.

# געהיימען אין דער וועלט

## ניינטער קאפיטל

## בוימער

ג

### א בוים פאלט

פליט א פליג צום ערשטן מאל
און ווייסט צו פליען
ווי געפלויגן שוין אמאל.

פליסט א שטראם צום ערשטן מאל
און זוכט דעם וועג
פון גאר אמאל.

פאלט א בוים צום ערשטן מאל
און פאלט דעם פאל פון אלעמאל.

# געהיימען אין דער וועלט

## ניינטער קאַפּיטל — בוימער — ד

### ליגט אַן אַלטער בוים

— ליגט אַן אַלטער בוים שוין יאָרן.
זע נאָר וואָס פון אים געוואָרן.
— טראַכט אַ בוימעלע דערנעבן:
זיינע יאָרן — כאַטש דערלעבן.
— גרוילט אַ גראָז מיט אַלע חושים:
מיינע יאָרן — נאָר חדשים.
— פליט אַ שמעטערלינג אין רונדן:
מיינע יאָרן — נאָר פון שטונדן.
— זשומט אַ פליגעלע פאַרבאָרגן:
מיינע יאָרן — נאָר איין מאָרגן.
— אײלט אַ ווינטעלע אַ לינדער:
מיינע יאָרן — גאָר אַצינדער.
— צערט אַ צוויטל פון געבוירן:
ערשט געבוירן — שוין פאַרלוירן.
— שטוינען זאַמדעלאַך באַגראָבן:
נאָר געוואָרן — ניט צו האָבן.
אַז מיר קענען גאָרניט האָבן,
וואָס זשע ליגן מיר באַגראָבן,
וואָס זשע דאַרפן מיר זיך האָבן.
— בעט אַ שפּראָצעלע אין ווערן:
נאָר דערציִען צו די שטערן.
וועט מען דאַרטן מיך דערהערן,
אַלע זאָלן אייביק ווערן,
גאָרניט וויסן פון צעשטערן.

# געהיימען אין דער וועלט

## ניינטער קאפיטל

## בוימער

### ה.

### אן אלטער בוים איז ניי

זעג פאנאנד אן אלטן בוים —
איז אינעווייניק ניי.

שניי־ניי.

לבנה־נאקעט.

זוניק־זויבער־לעגענדאר.

צויבער־איבעראש.

— זקן־בוים איז אינעווייניק נאך א קינד.

# געהיימען אין דער וועלט

## צענטער קאַפּיטל

## אַן עפּל אויף דער ערד

### א

אינם ליגן פון אַן עפּל אויף דער ערד —
איז דאָ דאָס שווייגן איבער אַלע חכמות.

איז דאָ דאָס לשון איבער אַלע די לשונות.
איז דאָ דאָס וויסן — וואָס סע לאָזט זיך ניט דערוויסן.

# געהיימען אין דער וועלט

## צענטער קאפּיטל

## אַז עפּל אויף דער ערד

### ב

געקומען פון אַ בוים.
פון אַ צווייגל אויפן בוים.
פון אַ שטאַנגל אויפן צווייגל.
פון אַ ריטל אויפן שטאַנגל.
פון אַ בליטל אינם ריטל.
פון אַ בלימל אינם בליטל.
פון אַ שפּראָצל אינם בלימל.
פון אַ חלום׳ל אין שפּראָצל.
פון אַ גלוסטעלע אין חלום׳ל.
פון אַ לוסטעלע צו גלוסטעלען.
פון אַ מוז: —
מוז! זיין!

# געהיימען אין דער וועלט

## צענטער קאַפּיטל

## אַן עפּל אויף דער ערד

### ג

טוי האָט אים געזויגן.

זון האָט אים דערצויגן.

לופט האָט אים געזוואויגן.

ווינט האָט אים געבויגן.

רייף האָט אים פאַרנויגן.

ערד האָט אים געצויגן.

זיין אייגן ווערן רייף
האָט אים אַראָפּגעבויגן.

די אַלטע קאַלטע ערד
האָט אים אַראָפּגעצויגן.

געגן זיך אליין
פון בוים אַראָפּגעפלויגן.

# געהיימען אין דער וועלט

## צענטער קאפיטל

### אן עפּל אויף דער ערד

ד

ליגט ער אויף דער ערד. —
פאַרקלערט.
ער זעט שוין וואָס ער ווערט. —
ערד.
גלויבט ער אין באַשערט :
וואָס די ערד געבערט —
פאַרצערט.
וואָס די ערד באַגערט —
ווערט.
ליגט ער און ער וואַרט.
ליגט ער און ער דאַרט.
ליגט ער און ער גאַרט. —
צו ווערן אַ צעשטערן.
[צו ווערן אַ צעשטערן —
איז נאָך שווערער ווי צו ווערן.]
נאָכאַמאָל צו ווידער ווערן.
נאָכאַמאָל דער וועלט געהערן.
נאָך — איין — מאָל. —
— אמאָל. —

# געהיימען אין דער וועלט

## עלפטער קאפיטל

### שפאלט פאנאנד אן עפל

1 שפאלט פאנאנד אן עפל —
איז א קערנדל א סוד.
2 עפן אויף דאס קערנדל —
איז זאמענדל א סוד.
3 ציפ ארוים א ברעקעלע —
איז ברעגעלע א סוד.
4 ברעקל אפ פון ברויזעלע —
איז בלויז'עלע א סוד.
5 דרויב אראפ פון דרויבעלע —
איז שטויבעלע א סוד.
6 שפיץ אוועק א שפיצעלע —
איז פיצעלע א סוד.
7 ראד ארוים א רעדעלע —
איז פינטעלע א סוד.
8 איידל אוים א סימנ'דל —
איז עפעסל א סוד.
9 מאך צונישט דאס גארנישטל —
איז גרעסער נאך דער סוד.
10 טראכט אריין אין טיפעניש—איז טיף דער אויבנויף.
11 דערזעלבער סוד פון טיפעניש—איז סוד אין אויבנויף.
12 אינמיטן פונם עפל —
זענען וועלטעלאך פארשטעלט.
13 די הויט ארום דעם עפל —
איז דער רוים ארום דער וועלט.

# געהיימען אין דער וועלט

## צוועלפטער קאפיטל

### שטילקייט

שטילקייט רעדט מיט אומעטום.
שטילקייט רעדט מיט אַלעמאָל.

שטילקייט דאָ — איז אַלע ווייטן.
שטילקייט איצט — איז אַלע צייטן.

שטילקייט איז פאַרנומען נאָכאַנאַנד מיט אייביקייטן.

שטילקייט לערנט אויסנווייניק
דאָס געזאַנג פון „אָן אַ סוף“.

שטילקייט סוד'עט זיך מיט „שווייגן“
דורך געוואַלדן שטומערהייט.

שטילקייט ציט די קייט פון „תמיד“
פון כסדר צו אונענדלאך.

אין שטילקייט איז ניטאָ געשטאָרבן. —
טויטע לעבן אין פאַרבאָרגן.

אומעטום איז שטילקייט — אומעט.
שטילקייט רוישט מיט לשון־תמיד.
לשון־איידער־אָדם־ראשון.

# געהיימען אין דער וועלט

## צוועלפטער קאַפּיטל

### אַ הייליק-אָרט

אַ שטאָט אין דער ערד.
באַהאַלטענע געהיימען.
געזוועזענע שלוחים.
— אויסגעצויגענע מרגלים. —
— קאַלטע סתם'ען. —
אַ בית-עולם איז אַ שטום-געזאַנג
פון אומבאַשטימטע דאַרטנס.
לערע פרייד פון גאַלע גייסט.
בלאַנקער יאַנטעוו נאַכאַנאַנדער.
לויטער זין.
קלאָרער זיין. —
אַריבערן באַנעם.
אַ וואַקזאַל צו אייביקייט.
מצבות זענען שטומע רופן.
קברים זענען פינטעלאַך.
מצבות רופן שטומערהייט:
מענטש!
זע!
! ! ! ! ! ! ! ! ! ! !
ביזט נאַכאַנאַנד!

# קאמף אין דער טויטער וועלט

## ארייננפיר

## אומעטום קאמף

אומעטום איז דאָ דער קאמף פון גרויס און קליין.
אַלעמאָל וועט זיין מלחמה פון איניינעם און אַליין.

פונם ווילן און פאַרשטיין.
פון נשמה און געביין.
פאַר דער שרעק פון אונטערגיין.

לויטן שטייגער פון כסדר.
לויטן סדר נאָך פון איידער.
לויטן איידער נאָך פון איידער־איידער.

וועלט — אַזוי ווי מענטש.
מענטש — אַזוי ווי גאָט.
גאָט — אַזוי ווי אַלץ.

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## ערשטער טייל

### פ אַ ר ה אַ ל ט — ג ע וו אַ ל ד

1 אין בוים-פאַרבויג
איז דאָ פאַרנויג
צו ערד.

2 אין באַרג-באַגנעם
איז דאָ פאַרנעם
צום הימל.

3 אין ים-צענעם
איז דאָ דער וואונטש
פון נעם.

4 אין שטיין-פאַרקלעם
איז דאָ פאַרשעם
פון קלעם.

5 אין טאָל
איז דאָ דער פראָל
פון פאָל.

6 אין יעדן אָוועק
איז דאָ די שרעק:
אָן עק.

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## ערשטער טייל

7 אין יעדן וואַרף אַוועק
איז דאָ געשריי:
וויי.

8 אין יעדן בראָך
איז דאָ דער קראַך:
אָך.

9 אין יעדן פאַרלעש
איז דאָ דער רעש:
שוין.

10 אין פלאַם
איז דאָ געבעט פון פייער:
זיי.

11 אין וואַסערפאַל
איז דאָ געשריי פון קוואַל:
פריי.

12 פאַלד — באַהאַלט.
פאַרהאַלט? ——
געוואַלד!

# קאמף אין דער טויטער וועלט

## צווייטער טייל

### אלע ווילן לעבן

1 א פייערדיקער פאפיראס
אין וואסער
שרייט אוים זיין לעצטן
אויסגעשריי־געבעט
פארן טויט:
אוי!

2 א טראפן טוי איז איינגעהילט —
פון מורא פאר דער זון:
חלילה ניט פארשלעפן מיך אין הימל.

3 יעדער טראפן וואסער אין באזונדער —
איז באפאנצערט.
ארומגענומען זיך ארום.
אריינגעהאלטן — אויפצוהאלטן זיך.
ארומגערינגלט —
ניט צעפאלן אין געקייקל.
פון א שאקל.
פון א פלוצימדיקן וואקל.
אדער גאר א שטורעם.

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## צווייטער טייל

4 אין די ים'ען —
זענען אַלע וואַסערן צוזאַמען.
שטורעמט אויף אַ קאַטאַסטראָפע צו פאַרפלייצן —
ציטערט יעדער טראָפּעלע און טרייסט זיך:
ביז צו מיר —
וועט דויערן נאָך אַן אַ שיר.

5 יעדער טראָפּן רעגן אויפן שויב —
לאָזט זיך פירן אויף די וועגן
פון די פריערדיקע טראָפּן,
לויטן דרך פון בראשית:
אַהין, וואו אַלע יאָגן זיך, איז בעסער.
אין פאַל אַפילו אונטערגיין —
איז היימלאַכער צוזאַמען ווי אַליין.

6 אַלע שטראָמען יאָגן זיך —
צו ווערן העלדן אין דער וועלט
און קריגן אַ דערהויב.
יעדער שטראָם וויל זיין דער ערשטער
צו פאַרגרעסערן דעם ים,
און באַקומען פונם ים הערפאַר
אַ שטורעמדיקן לויב.

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## צווייטער טייל

### אַ שטויב בעט אַ שטורעם

7 אַ שטויב בעט אַ שטורעם
ער זאָל אים דערהויבן,
ער זאָל אים דערלויבן
צו ווערן זיין קינד.
צו ווערן אַ ווינט
מיט אַ אימפּעט אין אָרעם,
מיטן כשוף פון שטורעם. —
און פליען און בלאָזן,
צו וועקן די גראָזן,
צו שרעקן די שויבן,
די כמאַרעס פון אויבן. —
און מאַכן צו גלויבן
די גאַסיקע שטויבן
אַז ער איז געהויבן,
אַז ער איז דערהויבן
צו הויכן געצויגן
פון אויבערשטן אויבן. —

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## צווייטער טייל

אַז ער איז באַוואויגן
פון העכסטן פון אויבן
צו טיפן זיך בויגן. —
צוזאַמענצוקלויבן
מיט טויזנטער אויגן
די דרויבעלאַך־שטויבן,
די שטויבעלאַך־דרויבן,
אין וויכער פאַרצויגן. —
צו טאַנצן געפלויגן,
צו שפּרינגען געשטויגן,
צו הוליען פאַרבויגן,
פאַרדרייט און פאַרנויגן. —
און זינגען צום אויבן,
פאַר׳שיכור׳ט פון גלויבן,
א הימנע פון לויבן. —
צום פירער פון דרויבן,
צום לעבן פון שטויבן —
שטורעם.

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## צווייטער טייל

### ווינטן

8 ווינטן — אַן אומרואיקע ראַסע.
אַ פאָלק פון גאָלע אימפעט.
רוען הייסט בא זיי געשטאָרבן.

זייער היים — די וועלט.
זייער גלויבן — קאַמף.

אַ יאָנטעוו בא די ווינטן —
אוראַגאַן.

שטורעם איז דער פירער.
וויגטן — פּראָלעטאַרן.
לופטעלאַך — די יונגע פּיאָנערן.

וויכער דרייט די פאָן פון אידעאַל:
זאָווערוכע איבעראַל.

# קאמף אין דער טויטער וועלט

## דריטער טייל

### א דונער

1

א דונער איז אין כעס.
געוואלדיק אויפגערעגט.

א דונער שטורעמט דיסציפלין דער וועלט:

א וועלט זאל זיין אזוי צעלאזן!
אזא הפקרות אויף דער ערד!

טאלן ליגן פרעך — עך! עך!

בערגער שטארצן חוצפה׳דיק צום הימל.

ים׳ען מאכן טומל און טוען גארניט.

זומפן זינקען טיפער אין די בלאטעס.

— איך וועל עס ניט דערלאזן! —

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## דריטער טייל

## אַ דונער

### 2

גלאָמפּע בוימער.
פּוסטע גראָזן.
נאָר מע ווייסט צו שפּילן זיך מיט ווינטעלאַך...

די זון האָט אייך צעלאָזן. —
איך וויים.

וואו זענען איצט די פֿויגעלאַך? —
באַהאַלטן זיך — האַ!

ווילדע חיות.

אומזיסטע פרעסער.

זויפער.

— אומפאַרשעמטע זנות.

נאָר מען זוכט זיך איינצושלינגען.

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## דריטער טייל

## א דונער

### 3

וואָס איז דאָ געוואָרן פון דער וועלט, —
אַ זו?
אַ חזיר-שטאַל?

די וועלט — אַ בית-המקדש. —
איר הערט? —
תוך — אַך, אַך!

אונטער אייך און איבער אייך איז נאַך.

איך בין דונער, דונער-וועטער:
אַך - אַך - אַך!

— איך הער אַ שפּאָט פון אַלע וויטן. —
אַך-אַך-אַך! [כאַ-כאַ-כאַ!]

ווער לאַכט מיך אוים?

ווער רעדט עם מיך אַקעגן?

# קאמף אין דער טויטער וועלט

## דריטער טייל

## א דונער

### 4

שטיל זאָל זיין!!

אָט טו איך העכער אַ געשריי —
וועט זיין אַז־אַך־און־ווי.

ברייננגט מיר ניט אריין אין צאָרן.

צע—רייצט—מיך—נים.

אָט צעפּלאַץ איך באַלד דעם רוים.
אָט צעריים איך באַלד די וועלט אויף פּיצעלאַך.
אָט מאַך איך באַלד אַ תל פון גאַנצן אוניווערז.

אָט טו איך מיטאַמאָל אַ קראַך —
צעפּאַלט די גאַנצע וועלט אויף פּראַך:

קראַך — אַך - אַך - אַך - אַך!!!

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## דריטער טייל

### אַ דונער

5

אַ דונער קראַכט
און פּראַך'ט
און וועקט
און שרעקט
דאָס פעלד,
דעם וואַלד.
— באַפאַלט די וועלט. —
באַפעלט
און פאַלט
און פעלט...

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## דריטער טייל

### אַ בליץ

1

אַ בליץ
אַ גלאַנץ
אַ טאַנץ
אַ קריץ

צערייצער־היץ.
צעגליטער שפּריץ.
צינד - שווינד.

בליץ איז דין.
גאַלאָפּ —
אַרויף - אַראָפּ
וואוהין - אַהין.

בליץ — צוקט.
צוק — צייגט :

# קאמף אין דער טויטער וועלט

## דריטער טייל

### א בליץ

2

זון איז קאַלט —
בליץ איז פייער.
זון איז אַלט —
בליץ איז נייער.

זון איז חושך —
בליץ איז העלער.
זון פאַמעלאַך —
בליץ איז שנעלער.

אַ באַווייז —
אַ רגע בלויז.
איבערנייס —
און ווידער אויס.

אַ ריס:
אין לופט אַ פייער-שפּיז.
אַ בלאַנק:
אין לופט אַ פייער-שלאַנג.

טעלעגראַם צו אומפאַרצאַם.

# קאמף אין דער טויטער וועלט

## דריטער טייל

## א בליץ

### 3

בליץ — צוקט.
צוק — צייגט:
אינמיטן נאכט צעצינד איך וואלד.
אינמיטן טאג דערשרעק איך וועלט.
איך זע דעם תהום פון טיפסטן ים.
איך זע דעם סוף פון העכסטן רוים.
בליץ אליין צעשפאלט דעם הימל.
בליץ באפעלט דעם דונער. —
ברודער! — רודער!:

סוד,
גאט,
אחד,
געבאט,
פארבאט,
גנאד.
— שפאט... —
א צינד און פארשווינד.

# קאמף אין דער טויטער וועלט

## דריטער טייל

### א רעגן

א רעגן רעדט — און רעדט — און רעדט —
די קלוגע רייד פון אלעמאלן.
אלעמאל פון אלעמאלן:
ניט צו ריידן, ניט צו מאלן, —
ניט צו וועגן אויף קיין שאלן, —
אלעמאל געווען אמאלן,
אלעמאל וועט זיין אמאלן,
אלע נידערן אין טאלן,
אלעמאל ווי אלעמאלן.

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## דריטער טייל

### שניי

פליען שנייעלאַך ווי טויבן.
ווי פאַרגעסן, ווי פאַרטויבן.
מיט דער שטילעניש פון אויבן.
צו דערמאָנען, צו דערהויבן.

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## פערטער טייל

### פייער און וואַסער

I.

פלאַם — פליט,
וואַסער — פאַלט.
פלאַם — בריט,
ים — קאַלט.

פלאַם — ים —
שונאים-סם.

וואַסער — גראָ,
פייער — בלאָ.
ים — דאָ,
פלאַם — ניטאָ.

פלאַם — צום רוים.
ים — צום תהום.

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## פערטער טייל

## פייערן

### 2

פייער — שרייענדיקער סוד.

פייער פלאַקערט מיט אַן אויפגעהעלט־געהיים.

פייער ליאַרעמט מיטן עכאָ פון די הימלען.

לויטער שרעק.

ליכטיקער געפּאַר.

צאַפּלדיקער שטאַר.

גאָלע גאַר צו מאַכן אוים.

— פלאַמען ציען זעענדיק אין לער־פאַרלוירענער. —

יעדן פלאַם באַשיצט אַ זוים —

אַריין בשלום אינם רוים.

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## פערטער טייל

### פ י י ע ר ן

3

פלאַמען — רויטע רויבער. —
אויפגעריכט פון אומגעריכט.

היים.
בייז.

אַ כאַפּ, אַ טאַפּ, אַ זאַפּ אַריין. —
אַ גלי, אַ פלי דער גאַנצער זיין.

עסן אייזן, עסן גלאָז, גראָז, האָלץ,
אַפילו זאַלץ, אַלץ.

אין איין סעקונדע — אויסזיין אומעטום.
אין איין מינוט — פאַרנעמען אַלץ אַרום.

קאַמף — דאָ.
צו דער הויך — רויך.

אַ פלאַם צעפלאַמט פון פרייד
און פליט צום הימל טויטערהייט.

# קאמף אין דער טויטער וועלט

## פערטער טייל

## פייערן

### 4

אַ ברייטער פייער שפּרייט די הענט צערייצט —
ער וויל די גאַנצע הויז פאַר זיך אַליין.

אַ פייער גלעט אַ פענצטער מיט אַ מורא'דיקער ליבע —
פענצטער בליאַסקעט פון דערשרעק.

אַ פלאַמל פליט אַריין מיט אימפּעט:
געוואַלד!
וואָסער קנאַלט!

אַ פלאַם באַפאַלט אַ גרויסן קלאָץ —
און פאַרלירט זיך באַלד פון אומגעדולד.

אַ פייער שפּרינגט און בלאָזט מיט הייסן
און טריקנט אויס אַ פייכטן דעמב —
אויף שפּעטער.

צוויי פאַרצווייפלטע פלאַמען שלאָגן זיך איבער אַ סוק
וואָס קען נישט ברענען.

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## פערטער טייל

### פייערן

5

דריי באַגייסטערטע פלאַמען שפּאַנען
אויפן דאַך צו אַ וואַלד
אַט באַלד — בלויז אַ מייל — אַריבערן ים.

צוויי פלאַמען כאַפּן זיך אַרום
און ווערן איינס און ווערן אויס.

אַ פייער קוועלט אין סמאָלע
און האַלט זיך אָן אין ברעג פון פּאַס.

אַ כאַפּטע פייערלאַך פּראַווען אַ באַנקעט
אַרום אַ ליגנדיקן סלופּ
און ווינטשעווען צו טרעפן זיך אין אַנדערע שרפות.

אַ פייערל צאַפּלט זיך איינער אַליין
אויף אַן אָפּגעברענטער חורבה,
און זוכט די חברים,
די געוועזענע פלאַמען. —
וואָס האָבן מיט אים
זיך צעפלאַקערט צוזאַמען.

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## פינפטער טייל

## שטייענדיקע וואַסערן

### 1

שטייענדיקע וואַסערן —
תמיד — דאָ.
תמיד — רו.
תמיד — אומעט.

תמיד — שימל.
תמיד — דרימל.

אַמאָל אַ טויטער־ציטער —
אין אַ בייז געוויטער.

קומט אַ רעגן — ווערט מען מערער. —
איז נאָך שווערער. —
איז די בלאָטע נאָך געיירער.

קוים אַ פראָסטעלע — פאַרגליווערט.
קוים אַ כמאַרעלע — פאַראומערט.
נאַכט — איז גאָר אַן אומעט.

# קאמף אין דער טויטער וועלט

## פינפטער טייל

## שטייענדיקע וואסערן

### 2

נאר די זשאבעס — וויסטע באבעס —
פלוך און פליוך.
פלוך און פליוך.

נאר די ראקעס — מכשפות —
בלינדער בליק. —
קריך קאריק.

זומפן־בלומען — ניט צו שמעקן. —
נאר אויף חוזק דא צו שטעקן.

שטייענדיקע וואסערן.

תמיד — שימל.
דרימל תמיד.

תמיד — אומעט.

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## פינפטער טייל

### אַ וואַסערפאַל

1

אַ וואַסערפאַל איז פריילאַך. —

קוואַלט
און
פאַלט
און
האָט
הנאה.
קוואַלט
און
פאַלט
און
האָט
הנאה.

פליסט און פליסט
און רוישט און ציט
און ווערט נישט אַלט
און ווערט נישט מיד.

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## פינפטער טייל

### אַ וואַסערפאַל

2

אָט אַ וואַקל,
אָט אַ וויקל.
אָט אַ שאַקל,
אָט אַ ציקל.
אָט אַ בוקל,
אָט אַ טיקל.
אָט אַ קוקל,
אָט אַ בליקל.
אָט אַ רוקל,
אָט אַ דריקל.
אָט אַ מרוקל,
אָט אַ פליקל.

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## פינפטער טייל

## אַ וואַסערפאַל

### 3

ס'איז אַ האַרפּע,
ס'איז אַ פידל.
אַ געבעטל,
אַ גוזידל.
אַ געזאַנגל,
אַ געזאָגל.
אַ געגאַנגל,
אַ געיאָגל.
אַ געטאַנצל,
אַ געטראָגל.
אַ געוואַשל,
אַ געצוואָגל.

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## פינפטער טייל

### אַ וואַסערפאַל

4

אַט אַ בערגל
דיר אינמיטן —
פּלים פאַרביי
און אויסגעמיטן.

אַט אַ שטיין
דיר איבערשלאָגן —
מאַך אים קליין
אין לויף פון יאָגן.

אַט אַ פליג
זיך אַנצוטרינקען —
זע חלילה
ניט דערטרינקען.

אַט אַ שפּענדל
אויף דיין רוקן —
נעם אים מיט
און זאָל ער קוקן.

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## פינפטער טייל

## אַ וואַסערפאַל

### 5

ווידער צאַפּל,
ווידער דראַפּל,
ווידער כאַפּל,
ווידער טאַפּל,
ווידער קוואַפּל,
ווידער פּלאַפּל:
וועגן ברויזן, וועגן וועלן,
וועגן שרייען, וועגן קוועלן.
וועגן שטיינדעלאַך־מאַרעלן
אין די שפּאַלטעלאַך פון צעלן.
וועגן טראָפּעלאַך־געמעלן
וואָס די שפּריצערלאַך צעשנעלן.
וועגן וואַסערלאַך־קאַרעלן
וואָס די זונעלאַך צעהעלן.
וועגן פויגעלאַך וואָס טרעלן.
וועגן טייכעלאַך וואָס קוועלן.
וועגן ריטשקעלאַך וואָס שמעלן.
וועגן אַזערעס וואָס פעלן.
וועגן בלעטעלאַך וואָס געלן.

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## פינפטער טייל

## אַ וואַסערפֿאַל

### 6

און האָגעלאַך וואָס שנעלן.
און כמאַרעס וואָס פֿאַרשטעלן.
און וואָלקנס וואָס באַזעלן.

און רעגנדלאַך־מאַמזעלן
וואָס טאַנצן אין קאַדרעלן.

און שנייעלאַך־גאַזעלן
וואָס פֿאַלן און צעמעלן.

און נעפּלען וואָס פֿאַרדומען
די אָרומיקע אָרומען.

און דונערן וואָס רודערן
די רוימען אין די אָדערן.

און ווינטן וואָס צערייצן
די יבשות צו פֿאַרפּלייצן.

און בליצנדיקע בליקן.
און רעגנבויגן־גליקן.

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## פינפטער טייל

### אַ וואַסערפאַל

7

וואַסער, וואַסער, יאָג זיך ווייטער.
דורך די ווייטן — אַ באַנייטער.
דורך די צייטן — אַ געלייטער.
פון די ווינטן — אַ פאַרשייטער.
פון די ברעגן — אַ באַפרייטער.
— אין צעברייטער — איז באַדייטער. —
— אין צעשפרייטער — איז דערפרייטער. —

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## פינפטער טייל

### אַ וואַסערפֿאַל

8

וועסט נאָך אַן אַ שיר געפינען.
דאָ אַ שפּיל און דאָרט אַ זינען.
דאָ פאַרלוירן דאָרט געוואונען.
דאָ פאַרזאַמלט דאָרט צעשוואומען.
דאָ געגעבן דאָרט גענומען.
דאָ פאַרהערט און דאָרט פאַרנומען.
דאָ צעשטערט און דאָרט באַנומען.
אַ צערייץ אין אַלץ דאַרינען.

אַ געלויף פון אייביק פליסן.
אַ געפּלים פון וועלן וויסן.
וועלן וויסן צו דערוויסן.
אינם פליסן איז געניסן.
אינם זוכן איז דאָס וויסן.

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## פינפטער טייל

### אַ וואַסערפאַל

9

אַט איז איבער, אַט איז אונטער.
אַט איז טיפער — נאָך אַרונטער.
אַט איז אונטער — נאָך דאַרונטער.
אומעטום איז אונטערגרונטער.
אומעטום איז בעסער מונטער.
מיט אַ אימפעט איז געזונטער.
מיט אַ רייסן זיך איז בונטער.
אויפגעשוימטער איז געשומטער.
אויפגערוישטער איז באַ׳טעם׳טער.
אַ פאַרכמאַרעטער־באַ׳זון׳טער,
אין באַרוישענדן פאַרפלאָנטער.
לויף אַרויף און פאַל אַרונטער. —
קוואַלן שפאַרן נאָר פון אונטער.

# קאמף אין דער טויטער וועלט

## פינפטער טייל

## א וואסערפאל

### 10

הויב זיך אויף און שפרינג אריבער. —
שטערן שיינען נאר פון איבער.
גיב א גלאנץ און גיב א פיבער.
טו א טאנץ און קער זיך איבער.
גיכער זיך און יאג זיך איבער.
וויכער דיך אליין אריבער.
נאר הערפאר און נאר דארימער.
נאר דארום און נאר דאריבער. —
אין געאייל — איז ליבער טריבער.
אויף דערווייל — איז טריבער — ליבער.
אלע וויל — א ניי פאריבער. —

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## פינפטער טייל

## א וואַסערפֿאַל

### 11

נאָך ניט אַלץ איז שוין פֿאַריבער.
ס׳איז נאָך מערער אין געבליבער —
בײַ צעוואָרפֿענע פֿאַרקליבער.
ס׳עט נאָך קומען אַ דאַריבער —
און דאַרונטן די אַריבער.
ס׳עט נאָך ווערן אַז די גריבער —
וועלן ווערן די אַריבער.
וואַסער, וואַסער, פֿלים געפֿליסער —
טאַנץ פֿאַרויס און זינג פֿאַרויסער.

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

אריינפיר

באַשאַף איז איבעראַש. —
אַנטפּלעק.

יעדער באַשאַף איז שרעק.

אפילו איבעראַש פון פרייד — איז מורא.

יעדער ווערן — ווערט געבוירן מיט אַ מורא. —
מיט דער מורא,
וואָס האָט אויפגערודערט בראשית.

געפּאַר דערשרעקט און טרייסלט אויף
דעם מינדסטן מין.

אַ האָז,
אַ גראָז,
אַ וואָס-ניט-וואָס, —
דערשרעקט זיך פאַר אַ בלאָז.

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

## ערשטער טייל

## ווען חיות זענען וואַך

### 1

### חיות האָבן מורא

חיות זענען שטענדיק אין פאַרדאַכט.

נאָר מען ציטערט. —

טאָמער פּאַקט מען.

טאָמער כאַפּט מען.

תמיד — טאָמער.

צאַפּל־אַפּל.

ציטער־הויט.

טאָמער טויט.

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

## ערשטער טייל

## ווען חיות זענען וואַך

2

א לעמפּערט דערשרעקט זיך

אַ לעמפּערט דערשרעקט זיך און וויינט.

3

אַ פליג ציטערט

אַ פליג זופּט אַ טראָפּן און ציטערט
און קוקט זיך אַרום צי מען זעט.

4

אַ מאַלפּע דערזעט זיך

אַ מאַלפּע דערזעט זיך אין מענטשן
און גיט אים איר לאַפּע פאַרשעמט.

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

## ערשטער טייל

## ווען חיות זענען וואַך

### 5

### אַ קעצעלע

ווייז אַ קעצל מילך —
שווייגט דאָס קעצעלע און קוקט:
זע, מענטש, איך וואַרט. —
איך וויל נישט ווערן אָפּגענאַרט.
אויב עס איז דיר טייער מיין געביין —
לאָז דעם טעלער שטיין.
קאָנסט זיך גיין. —
הנאה האָבן וועל איך שוין אליין.

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

## ערשטער טייל

## ווען חיות זענען וואַך

### 6

### פארשידענע באשעפענישן

א זשאבע האט א ים מיט פארגעניגן
אין א זומפּ.

אַ מערעשקע איז דורשטיק ווי דער מדבר.

אַ פליג האָט לוסט צו לעבן,
ווי אַן אָדלער.

אַ זשוק איז שווער אַוועקצושפּאַרן,
ווי אַן איינגעשפּאַרטן הונט.

אין געצאַפּל פאַר דער ענדע —
ווייזט אַרויס אַ ווערימל
די גבורה פון אַן עלפאַנט.

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

## ערשטער טייל

## ווען חיות זענען וואַך

### 7

### חיות זענען אומעטיק

אַלע חיות זענען ערנסט.
פאַרזאָרגט.
פאַרצאָרנט.
דערנידעריקט.

אַלע חיות גלאָצן מיט באַליידיקונג.
אייביקייט האָט זיי באַליידיקט.

תמיד באַדאַכט. —

אַזוי ווי פילאָזאָפן.
אַזוי ווי פענצטער.
אַזוי ווי וויסטע פעלדער.
אַזוי ווי שווייגן.
אַזוי ווי די לבנה.

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

## צווייטער טייל

## ווען חיות זענען ווילד

### 1

### „שטילינקע" טייבעלאַך

אַלע טויבן־שכנים —
פליען זיך צוזאַמען
אַרום אַ ביסן־דרויב.
אַ געיעג פון יעדער טויב
אַריבעריאָגן אַלע טויבן
איין־אַליין אַרייַנצושלינגען
אַלע שטיקער „רויב".

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

צווייטער טייל

## ווען חיות זענען ווילד

2

### אַ „פּ י י נ ע ר" ל י י ב

אַ לייב הערשרעקט זיך פאַר אַ בין. —
גלאָצט ער אוים די אויגן צו זיין לייבעכע:
איך האָב מורא!
פאַרטרייב פון מיר דעם ווילדן פליער.
און ער רעוועט איר אַריין אַ סוד אין אויער:
הו! — — — —
איך האָב אים פיינט. —
ער האָט ליב בלוט.

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

## צווייטער טייל

## ווען חיות זענען ווילד

3

### „ג ו ט ע" מ ע נ ט ש ן

דער מענטש עסט נאָר גוט-האַרציקע בהמות:

די גאָט-פאָרכטיקע קו.
די תהילים׳דיקע קעלבעלאַך.
די ישיבה׳דיקע שעפּסעלאַך.
די תחינה׳דיקע הינער.

— די בייזע לייבן און די לעמפּערטן —
— עסט ער ניט. —
חלילה-וחס!

— די ווילדע חיות —
זענען גאָר אַליין די קאַניבאַלן!

דאָס בלוט אין די גלידער —
איז סאַי ווי סאַי היים,
און דאָס האַרץ פון אַ טויבעלע אַפילו —
מאַכט בייז.

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

צווייטער טייל

## ווען חיות זענען ווילד

4

### אַ „שיינע" וועלט

די זון לייגט זיך אַן אויפן לאַנד — און פאַרלענדט.

אַ בליץ טרעפט אַ צאַם אויפן וועג — און פאַרברענט.

אַ שטורעם ווערט בייז אויף אַ וואַלד — און פאַרוויסט.

אַ ים ברויזט אַרויס פון זיין ברעג — און פאַרפלייצט.

אַ פיש כאַפּט אַ פיש מיטן מויל — און פאַרשלינגט.

אַ פראָסט קומט באַטראַכטן אַ שטראָם — און פאַרפרירט.

אַ מענטש פירט אַ לעמל צום סוף — און איז רואיק.

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

## דריטער טייל

## ווען חיות שלאָפן

### 1

### פישעלאַך

יעדער פישעלע אין וואַסער
האָט זיך איר געלעגער.

אומעטום איז דאָרטן גוט צו שלאָפן.

פיש אין וואַסער
שלאָפן אויף מאַטראַצן.
אויף פליסיקע שפרוזינעס.

אַ ים — איז גאָלע בעטגעוואַנט.
אומעטום — ווייך.
איבערבעט.

פיש אין וואַסער
שווימען שלאָפנדיק
און פילן ניט.

פיש אין וואַסער
שלאָפן קוקנדיק
און זעען ניט.

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

## דריטער טייל

## ווען חיות שלאָפן

2

### אַ מענטש ווען ער שלאָפט

אין שלאָף איז ניטאָ קיין געבאָט.
ניטאָ קיין פאַרבאָט.
אויף אַלעמען גנאָד.

אַ מענטש ווען ער שלאָפט —
אָרים געביין.
איינער אַליין.
אַזוי ווי אַ שטיין. —
הפקר אַלציין.
ניטאָ צו פאַרשטיין.

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

## דריטער טייל

# ווען חיות שלאָפן

## 3

## אַ וואָלף ווען ער רוט

אַ וואָלף ווען ער רוט —
איז ער זאַט.
איז ער מיד.
איז ער גוט.
איז ער שלעפעריק.

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

## דריטער טייל

## ווען חיות שלאָפן

### 4

### אַ טיגער אין שלאָף

אַ טיגער אין שלאָף —
איז אַ קעצעלע נעבאָך.

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

## דריטער טייל

## ווען חיות שלאָפן

5

א ל י י ב  ו ו ע ן  ע ר  ש ל אָ פ ט

אַ לייב ווען ער שלאָפט —
שטורעמט די שטילקייט אין וואַלד:
שטיל זאָל זיין, וועלט! —
דער מלך פון ווילד כאַפּט אַ דרימל!

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

## דריטער טייל

# חיות נאָכן שלאָף

## 6

א מענטש נאָכן שלאָף. —
א וואָלף. —
א שעפּס. —
אַלציינער צעצי.
די געמלאַכע מי.
אין אַלעמענס אויגן —
די רויִ פונדערפרי.
אין אַלעמענס אויגן —
די בלויִ פונדערפרי.
פּאַרשעמט.
וועלט —
פרעמד.

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

## פערטער טייל

### 1

### אַ פליג איז קלוג

דאָס קלענסטע פליגעלע איז ראַפינירט.
עלעגאַנט.
קלוג און איידל.

יעדער רגע רייניקט זי די פיסעלאַך.

וויפיל ציכטיקייט אין זויבערן די פליגעלאַך.

אַ ליאַדע ציטער שרעקט עס איבער.

גאָר די שטילקייט רעגט דעם אויף.

וויפיל מורא אינם פליגעלע —
באַ די ברעגן פון אַ טראָפּן וואַסער.

# קאַמף אין דער טויטער וועלט

## פערטער טייל

## 2

## אַ פליג בעט

אַ פליגעלע ברויזט אין אַ פויסט:
אוי לאָז מיך אַרויס.
איך עס האַלט נישט אויס. —
דער ווייטיק איז גרויס. —
אַ שטויס אין מיין שויס.
מאַך כאַטש אַ ביסעלע לויז. —
אַ לעבעלע בלויז. —
ווי צוקער אַ ברויז. —
אוי לאָז מיך אַרויס —
אויף אַ רגע'לע בלויז.
אָט גיי איך באַלד אויס.

**פאַרנעמט אירע קולות דער מענטש**
**און ער לאָזט איר אויף אייביק אַרויס.**

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

## פערטער טייל

## 3

### פרייד פון אַ פליג

אין אַ טייכל ליגט אַ פליג
מיט די פליגעלאַך אַראָפּ,
מיט די פיסעלאַך אַרויף,
—אַ לעבעדיקער מת.

זעט די פליג: אַ גרויסע וועלט,
נאָר באַ וואָס זיך אָנצוכאַפּן — פעלט.
סיידן דורך אַ נס.

איבער איר איז סטעליע־הימל,
בעט דאָס פליגעלע און שרייט.
איז דער הימל אָבער — ווייט.

פליען פליגעלאַך אַרום,
און זיי זשומען: זשום־זשום־זשום!
נאָר צו אירע תפלות —
זענען אַלע פליגן שטום.

קומט אַ ווינט און קערט איר איבער,
פליט דאָס פליגעלע שוין ווידער,
און זי פרייט זיך אָן אַ שיר,
ווי נאָך קיינמאָל ניט אַ פריער.

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

## פערטער טייל

### 4

### אַ פליג—אַן עראָפּלאַן

אַ פליגעלע — אַן עראָפּלאַן.
אַ קליינטשיק עראָפּלאַנטשיקל.
אַ פּיצעלע צעפּעלין.
נאָר געננוג פאַר זיך אַליין.
— אַליין דאָס פּירערל. —
— אַליין דאָס פליערל. —
אויגעלאַך — צוויי פענצטערלאַך.
פיסעלאַך — די רעדערלאַך.
דאָס מײַלעכל — אַ טרובקעלע.
פליגעלאַך — די פלאַטערלאַך.
אין הערצעלע — דאָס מאָטאָרל.
אין בײַכעלע — דער געזאָלין.
אין קעפּעלע — דער מאָטאָר־מאַן —
קוקט אַדורך די פענצטערלאַך.

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

## פערטער טייל

און רודערט מיט די רעדערלאַך,
און פלאַטערט מיט די פליגעלאַך,
און זשוזשעט דורכן טרובקעלע:
אַט פליט אַן עראָפּלאַן.
פלי — איז ניט געגאַן.
באַ מיר אַ מייל — אַ שפּאַן.
וועלט גענוג פאַראַן.
אַרט מיך ניט ביז וואַן.
צי דאָרטן, צי ביז דאַן.
איך בין אַ גרויסער מאַן.
אַליין דער קאַפּיטאַן.
אַליין דער עראָפּלאַן.
אַ פליענדיקער באַן:
זש! - זש! - זש!

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

## פערטער טייל

## 5

## אַ פליג — צום סוף

אין דער לעצטער רגע רו,
פאַרן טויט,
באַווייזט אַ פליגעלע דעם אימפעט
אויפצואוועקן זיך אויפסניי,
און שליידערט מיט די פיסעלאַך
צו ווערן פריי,
פון אַ שטויבעלע אויף איר.

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

## פינפטער טייל

### 1

א מילב איז באַשיצט

**אַ שעפּס אויפן פעלד**
**איז באַוואַכט פון אַ מענטש.**

אַ מענטש אין דער ווילד
איז באַוואַכט פון זיין הונט.

א פליגעלע דרימלט
און היט זיך אַליין אין זכרון.

אַ מילב איז באַשיצט
פון איר אייגענער קליין. —
אַזוי ווי נישאַ איר געביין.

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

## פינפטער טייל

### 2

א מילב שטודירט די וועלט

אַ מילבעלע שפּאַצירט אַרום אַ ברויט,
און זעט זיך אָן מיט ווילדענישן
ווי אַרומגערייזט דעם אוניווערז.
פּלוצים בלייבט זי שטיין.
רעדט זי מורא׳דיק צו זיך אליין:
ווייטער ניט צו גיין.
שוין.
ענדע וועלט. — אַ וואַנט. —
אַ גיגאַנט פון דאַנען ביז אין הימל.
קלעטערט מילבעלע אַרויף, אַרויף,
און זעצט זיך רוען אויפן שפּיץ פון גרויסן באַרג—אַ קימל.
טראַכט אַרום דאָס מילבעלע באַגייסטערט:
אַ פּלאַנעט זאָל זיין אַזוי געמייסטערט!
אַריבער מיר — איז וועלט נאָך אָן אַ שיר!
די לופט איז שטאַרקער דאַ ווי פריער!
שטערן „מאַרס“ איז נעבן מיר!
אַ פּחד זיך צו טון אַ ריר.
איך וועל האָבן שוין צו דיינקען, און צו ביינקען,
און געדיינקען,
אויף אַלע — מיינע — יאָרן...

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

## פינפטער טייל

### 3

### אַ מילב האָט איניקלאַך

אַ מילב האָט אַלע גלידער פון אַן עלפאַנט:

אַ קאָפּ,

אַ האַרץ,

געהירן,

און אַ גאַר —
אַ גאַנצן ים אַריינצושלינגען.

אַ מילבעלע האָט אייניקלאַך.

דאָס מינדסטע מילבעלע —
אַ וועלט־באַשאַף.

אַ פאַבריק צו שאַפן דורות פאַר דער וועלט.

אַ טראָפּן וואַסער שלינגט איר איין
מיט אַלע אירע קינדערלאַך און אייניקלאַך.

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

## פינפטער טייל

## 4

### אַ מילב האָט צרות

דער צער פון אַ מילב
איז דער צער פון דער וועלט.

די זאָרג פון אַ מילב
איז די זאָרג פון דער וועלט.

וואָס וויל אַ מילב? —
לעבן.

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

## זעקסטער טייל

## אַלע זינגען

### 1

### אַ פויגעלע זינגט

אַ פויגעלע באַפרידיקט גאָט
מיט יעדן שוואונג.
מיט יעדן טרונק.
מיט יעדן שלונג.

אַ זופּ אַ טראָפּן אויפן צונג —
אַ הויב דעם קאָפּ צום הימל
און אַ פּרעפּל מיטן שנעבל:
פּאַ - פּאַ - פּאַ ! —
אַ לויב דיר, בורא, פאַר דער גאָב.

אַ ציפּ אַ ברעקל אויפן שלונג —
אַ הויב דעם קאָפּ צום הימל
און אַ פּליעסקע מיטן פּיסקל:
פּאַ - פּאַ - פּאַ ! —
אַ דאַנק דיר, גאָט, פאַר דיין גענאָד.

# קאַמף באַ די לעבעדיקע מינים

## זעקסטער טייל

# אַלע זינגען

## 2

### פיש זינגען אויך

אַלע זינגען ליבּ־געזאַנג דער וועלט:
די שפּרינגער — אין די גראָזן.
די שנייעלאַך — אין פאַלן.
די ווינטן — ווען זיי וואַכן.
די שטיינער — ווען עס רעגנט.
די הימלען — ווען עס דונערט.
און די פישעלאַך אין וואַסער — ווען זיי בולבען. —
זינגען זיי אויף אידיש און אויף לשון־קודש:
מיר, מיר, מיר —
אַ מעכאַיע מאַיעם — אַ מעכאַיע מאַיעם.
יעדער פישעלע אין וואַסער —
זינגט פון זיך אַליין.
בלויז פאַר זיך אַליין.
אַליין אין אַלגעמיין.

# רעלאַטיוון

## אריינפיר

### ניטאָ אַציגד

אָט - איצט - ערשט —
שוין דערנאָך נאָך.

אָט:

אָט —— איז איצט אַוועק.
איצט — איז ערשט פאַרביי.
ערשט — איז שוין ניטאָ.
שוין ——— דערנאָך איז נאָך.
דערנאָך —— נאָך און
נאָך.

נאָר געווען — איז דאָ.
איצט — ניט.

„דאָ“ — ניטאָ.
„ניטאָ“ — דאָ.

דאָ איז אויס — צו ווערן דאָרט.
דאָרטער־דאָער.
דאָ־ניטאָער.

רו — ניטאָ. —
ניט־רו — איז דאָ.
ניטאָ קיין רו —
איז אייביק דאָ.

# רעלאַטיוון

## ערשטער פרק

### פלאַך — איז אויבעט טיף

1 טיף איז אויפגעדעקט. —
זעען אַלע.
פלאַך איז צוגעדעקט. —
באַהאַלטן...
טיפן — זענען אויסגעהוילטע פלאַכן.
2 די גלייכסטע ערד — איז אונטן ברונעם.
דאָס פלאַכסטע פעלד — איז אונטן תהום.
אונטער תהום — איז ווידער רוים.
אונטער רוים — איז ווידער גרונט.
ווידער פלאַך — איז ווידער טיף.
3 אומעטום איז דאָ צו גראָבן.
אויסצוגראָבן.
צו דערגראָבן.
אומעטום איז טיפקייטן באַגראָבן.
אומעטום איז אוצרות איינגעגראָבן.
4 אונטער אַלע ערדן שלאָגן קוואַלן אויפצושלאָגן.
צו דער הויך אַרויפצושלאָגן.
צו די הימלען זיך דערשלאָגן.
גאָר די סטעליע פון די שטערן אָנצושלאָגן.
גאָר דעם דאַך פון אַלע וועלטן דורכצושלאָגן.

# רעלאַטיוון

## ערשטער פּרק

## טיף — איז אויבנויף

5 די טיפסטע טיף — איז פלאַך:

די אויבערפלאַך פון טיפסטן טאָל —
איז אויבנויף.

6 די דינסטע דין — איז דיק:

אַ רויך פון גאָלע גאָרנישט —
האָט אַ פּנים מיט אַ פלייצע.

# רעלאַטיוון

## ערשטער פּרק

## אַ טאָל — איז אויך אַ באַרג

7 אַ באַרג — איז באַרג אַרויף.
אַ טאָל — איז באַרג אַראָפּ.

8 אַ באַרג אַרויף — איז איינזאַם.
אַ טאָל אַראָפּ — איז אַלזאַם.
צוזאַמזאַם.

9 וואָס דער באַרג איז העכער —
איז ער איינ־ער.
אַליינ־ער.
איינער־אַליינער.

10 דער שוואונג פון באַרג דערמונטערט אַלעמען —
און דער באַרג האָט קיינעם ניט צו זיך.

11 אַפילו בערג פון הויכע הויכן —
עלנטן באַזונדער.

12 דער גרעסטער באַרג מוז זיין דערהויבן —
פון די חושך׳דיקע כמאַרעס איבער אים.
פון די אומעטיקע שטערן.
פון דער איינזאַמער לבנה.
— אַזוי ווי פון דער זון —
וואָס דערוואַרעמט און באַלעבט.

# רעלאַטיוון

## ערשטער פּרק

### יעדער פּאָרויס — איז צוריק

13 דער ווייטסטער פּאָרויס איז צוריק —
פון אַ ווייטערן פּאָרויס.

14 דער שוואונג פון פּאָרויס —
איז די ווייט פון צוריק.

### צוריק — איז אויך אַ פּאָרויס

15 באַ צוריקן — איז צוריק — פּאָרויס.
וואָס צוריקער — אַלץ פּאָרויסער —

16 וואָס פּאָרויס איז מער פּאָרויסער —
איז צוריק — צוריקער.

17 וואָס פּאָרויס איז מער צוריקער —
איז צוריק — פּאָרויסער.

18 פונפאָרנטס פונהינטן —
איז פונהינטנס פונפאָרנט.

19 פונהינטן באַ זיך — איז אַ פּנים.

20 יעדער הינטן — האָט זיין אייגענעם פונאויבן.

21 יעדער צוריק — איז באַ זיך אַ פּאָרויס.

# רעלאַטיוון

## ערשטער פּרק

### ווייט — איז נאָענט

22 די ווייטסטע ווייט — איז נאָענט אַרום זיך.

23 דער ווייטסטער דאָרט —
איז דאָרטן — דאָ.

24 דער סאַמע דאָ —
איז דאָרטן — דאָרט.

### ווילד — איז מילד

25 די ווילדסטע פּרעמד — איז היימיש זיך אַליין.

26 יעדער פּרעמד — איז ווילד.

27 אין יעדן ווילד — איז דאָ אַ מאָס פון מילד.

28 ווילד — איז מילד — באַ זיך אין ווילד.
באַ ווילד — איז מילד — ווילד.
יעדער אומה — האָט איר רבי׳ן.
יעדער רבי — רעדט דערהויבן.
אַפילו „טשיף“ — פון האָטנטאָטן.
באַרבאַרן פּרעדיקן מאָראַל
צו זייערע שכנים.

29 אין יעדן נישט —
איז דאָ אַ מעגלאַכקייט פאַר יאָ.

# רעלאַטיוון

## ערשטער פרק

## באַ יעדן דאָ — איז אַנדערש וואו — ניטאָ

30 יעדער שטעטעלע באַזונדער —
איז באַ זיך דער אויבנאָן אין איר מדינה.

31 דעם קלענסטן ישוב אויף אַ פעלד —
איז איבעריק די גאַנצע וועלט.

32 די גלייכסטע גלייך איז ערגעץ קרום.
33 יעדער ווינקעלע האָט זיין אייגענעם אַרום.
34 יעדער ווינקעלע איז אַליין דער אומעטום.
35 אין יעדן ווינקעלע איז דאָ פון אַלץ פון אומעטום.
אומעטום איז אומעטום.
אומעטום איז אַלץ אַרום.

# רעלאַטיוון

## ערשטער פּרק

## אומעטום איז אויבנאָן

36 דער ברעג פונם ים —
איז די שוועל פון יבשה.

37 אַלעמאָל — אינמיטן־צייט.

38 אומעטום — אינמיטן־ווייט.

39 נאָכאַנאַנד — אינמיטן־דאָ.

40 אייביקייט — אינמיטן־שעה.

41 אַלעמאָל — בראשית.

# רעלאַטיוון

## צווייטער פרק

## אַ פינטעלע פֿאַרשטעלט

1 גאָר דאָס לערע איז באַשאַף.
2 גאָר דאָס פוסטע איז פֿאַרגאַף.
3 גאָר דאָס וויסטע איז געשטאַלט.
4 גאָר דאָס שטומע איז געוואַלד.

5 אַ ברעקעלע — פֿאַרשטערט.
6 אַ טראָפּעלע — פֿאַרמערט.
7 אַ ברויזעלע — דערנערט.
8 אַ בלויזעלע — פֿאַרוועַרט.

9 אַ זאַמדל איז אַ באַרג.
10 אַ שטויבעלע איז פֿעלד.
11 אַ קערנדל איז וועלט.
12 אַ פינטעלע פֿאַרשטעלט צו דערזען די וועלט.

# רעלאַטיוון

## צווייטער פרק

## אַ רגע׳לע איז אייביקייט

13 אַ טויעלע איז ים,
אַ בלעטעלע איז ערד. —
טרייסלט זיך אין טראָפּעלע,
די גאַנצע וועלט פאַרקערט.

14 אַ רגע׳לע — אַ ניטעלע.
אַ רגע׳לע — אַ גאָרנישטל.
תמיד איז פון ניטעלאַך.
שטענדיק איז פון גאָרנישטלאַך.

15 אייביק — איז פון רגע׳לאַך.

16 אַ רגע׳לע — איז אייביקייט.

# רעלאַטיוון

צווייטער פּרק

## מענטש איז אַלערליי

17 דאָס מינדסטע גאָרנישטל איז עפּעס.

18 עפּעס איז אַ סך. —

19 אַלע אַ סך'ן זענען פון צו־עפּעסלאַך.

20 אַביסעלע איז אַלץ. —

21 אַלע אַלץ'ן זענען פון צו־ביסעלאַך.

22 די גאַנצע וועלט איז נאָר פון אַלערליי צו־פּיצעלאַך.

23 אַ מענטש אַליין איז אַלערליי אין איין.

# רעלאַטיוון

## דריטער פּרק

## ניטאָ קיין זין אין זיין

1 ניטאָ קיין זין אין זיין.

2 ניטאָ קיין זין אין זין.

3 נאָר פאַראַנען איז.

4 נאָר פאַראַנען מוז.

5 מוז אין יעדן איז.

6 מוז צו וועלן זיין.

7 מוז צו מוזן זיין.

8 זיין צו מוזן מוז.

# רעלאַטיוון

## פערטער פרק

## באַ זומפּ — איז אַן אָפּגרונט

1 אַ חלום — באַ טרוים — איז וואָר.
2 אַביסל — באַ עפּעס — איז גאָר.

3 באַ חושך — איז פינצטערניש — קלאָר.
4 באַ אייביק — איז שטענדיק — אַ יאָר.

5 גוט — איז באַ בעסער — דאָס ערגסטע.
6 שלעכט — איז באַ ערגער — דאָס בעסטע.

7 באַ לופט — איז אַ ווינטל — אַ לויפער.
8 באַ שניי — איז אַ רעגן — אַ סופר.

9 באַ שפּעטער — איז איצטער — אַ איידער.
10 באַ קיינמאָל — איז איינמאָל — כסדר.

11 באַ שטיל — איז אַ שטורעם — אַ מורא.
12 באַ ווינט — איז אַ בורע — דער בורא.

13 באַ שניי — איז אַ זומפּ — מרה שחורה.
14 באַ זומפּ — איז אַן אָפּגרונט — די תורה.

# רעלאַטיוון

## פערטער פּרק

## באַ בליטעלע — איז צוויטעלע

15 באַ בליטעלע — איז צוויטעלע — אַ טרוים.

16 באַ שפּראָצעלע — איז גראָזעלע — אַ בוים.

17 באַ יאַדערל — איז קערנדל — דער רוים.

18 די ערד — באַ די שטערן — איז אַ פּלוים.

19 פּלאַנעטן — באַ רוים — זענען מערעשקעס קוים.

20 באַ גאָט — איז דער וועלטאַל — אַ בלעזעלע שוים.

# רעלאַטיוון

## פינפטער פרק

## אַ טראָפּן איז באַ זיך אַ ים

1 געלערנטער פון כאָטש — איז הגם.
2 כאָטש — באַ הגם — איז אַ כאָם.

3 אַ ווינטעלע באַ גראָזן — איז אַ קאָם.

4 אַ כמאַרע פאַר געוויקסן — איז אַן אָם.

5 אַ רעגנבויגן פאַרן הימל — איז אַ שראַם.

6 אַמאָל איז סם — געשמאַק אין טעם.
7 אַמאָל איז דוקא האָניק — סם.

8 אַ מערעשקע צעלויפט זיך ווי אַ טראַם.

9 אַ וואָלפעלע דערשרעקט זיך ווי אַ לאַם.

10 יעדער ברעקל האָט אַ טעם.

11 איין־אַליין איז צוויי צוזאַם.

12 אַ טראָפּן איז באַ זיך אַ ים.

# רעלאטיוון

## פינפטער פרק

## דער טיפסטער זין איז אפשר סתם

13 דאָס קלענסטע פלאַנצל האָט אַ שטאָם.

14 דאָס מינדסטע פונקל האָט אַ פלאַם.

15 דער פרייסטער ווילן איז אין קלאַם.

16 גאָר דעם ים איז ניט געראַם.

17 גאָר דער רוים איז אין אַ ראַם.

18 גאָר די צייט איז אין אַ צאַם.

19 אין שטילסטער רו איז טאַראַראַם.

20 בלויז אַ רגע׳לע איז זאַם.

21 אַ רגע שפעטער איז פאַרזאַם.

22 דער קליגסטער מענטש איז דיינקענדיק — אַ תם.

23 גאָט איז דאַכט זיך אויך אַמאָל אַ תם.

24 אַלץ מסתמא איז מסתם.

25 דער טיפסטער זין איז אפשר סתם.

# ר ע ל אַ ט י ו ו ן

## זעקסטער פּרק

## באַ די עקן פון דער וועלט

1 באַ זיך אַליין איז ענדע
— פּונקט אינמיטן. —

2 באַ דעם סוף — איז אויסלאָז — גאָר דער אָנהויב.

3 צו־לעצט—איז תמיד אין אַ צושטאַנד פון—צו־ערשט.

4 אַלע סופ׳ן פעדערן פאַרפרי צו מאַכן שפּעט.

5 אינמיטן טאָג איז גרייט פאַרנאַכט צו מאַכן נאַכט.

6 אינמיטן ווערן —
ווערט געבוירן אַ פאַרווערן —
צו צעשטערן.

7 באַ נאָכאַלעמען — פאַנגט זיך גאָר ערשט אָן: —

8 באַ די עקן פון דער וועלט —
איז נאָך אפילו ניט באַגינען.
דאָרטן האָט נאָך קיינמאָל ניט געטאָגט.
אַ פינצטערניש פון אַלעמאָל.
חושך נאָכאַנאַנד.

# רעלאַטיוון

## זיבעטער פּרק

## אין באַגינען איז דער אויסלאָז

1 אין באַגינען איז דער אויסלאָז.
2 אינם אָנהויב איז שוין דאָ דער סוף.
3 יעדער ערשט באַווייזט זיך פון צו-לעצט.
4 יעדער ענדע שפּאַרט זיך מיטן אָנפאַנג:
5 די זון גייט אויף אין מאָרגן —
מיטן ווייטיק פון פאַרגיין.
6 די זון פאַרגייט אין אָוונט —
מיטן פייער פונדערפרי.
7 אין ווינטערגלאַנץ — איז דאָ אַ חלום-טאַנץ פון זומער.
8 אין פרילינג-פרייד — איז דאָ די לייד פון האַרבסט.
9 אַ קינד אין טראַכטן האָט אַ פּנים פון אַ זקן.
10 אַ זקן שטילערהייט דערפרייט זיך ווי אַ קינד.
11 טאַטע-מאַמע וויינען גאָר אין גליק פון זייער קינד.
12 פראָסט אין העכסטן גראַד — בריט.
13 די שאַרף פון קעלט און היץ אין העכסטן גראַד —
איז גאָר אַלציין.
14 דער אייביקייט איז גאָר אַלציין
דאָס אויפגיין און פאַרגיין.
15 די זון וואָס גלעט דעם בוים צו וואַקסן —
דיזעלבע זון צעברעקלט אים צום סוף.

# רעלאַטיוון

אַכטער פּרק

## אַראָפּ און אַרויף

1 וואָס דער באַרג איז באַרגער —
פֿאַר די אויגן — קאַרגער.
2 וואָס דער טאָל איז טאָלער —
איז די מורא מיטאַמאָלער.
3 וואָס אַרויף איז מער אַרויפֿער —
מער דער פּחד צום אַראָפּער.
4 וואָס אַראָפּ איז מער אַראָפּער —
מערער־שווערער צום אַרויפֿער.
5 באַרג — צילט.
6 פֿלאַך — שטילט.
7 טאָל — הילט.
8 הויך — וועקט.
9 ווייט — פֿלעקט.
10 טיף — שרעקט.
11 אַרויף — פֿאַרעדט.
12 גלייך — באַרוט.
13 אַראָפּ — פֿאַראַט.
14 הויב זיך צו די וואָלקן —
נידער אין אַ ברונעם —
— דערזעלבער וועג.
— דיזעלבע שרעק.

# רעלאַטיוון

## אַכטער פּרק

## אַלעמאָל — אינמיטן

אומעטום בראשית אינדערמיט:
מאַן — איז מאַן — אינמיטן.
פרוי — איז פרוי — אינמיטן.
אַלע דורות קומען פונדערמיט.

# והיה באחרית הימים

## אַרייַנפיר

איך בין דאָ — צו שאַפן שפּיל פון עיקר.
איך בין דאָ — צו שפּילן זיך מיט ערנסט.

ס'איז אין מיר באַהאַלטן סודות —
וואָס איך וועל זיי ערשט אַנטפּלעקן.

איך וועל חלום'ען דאָס לעבן —
מיט דער בלויקייט פון פרימאָרגן.

אַ זאַמדל איז געווען אַמאָל אין הימל,
און געפלויגן. —
אַלע מענטשן וועלן פליען מיט די שטערן,
ווען די ערד וועט זיין פאַרלוירן.

איך וועל זיך דערזעען —
ווי נאָך קיינמאָל ביז אַצינדער.

איך נאָענט זיך צו גרויסע וואונדער.

# והיה באחרית הימים

## א

וועט זיין אַ געשריי:

אַלע כוחות אין די רוימען —
שפּאַלטן שוין פאַנאַנדער.

פון די הימלען ביז די תהומ׳ען —
ליידן נאָכאַנאַנדער.

שוין אַריבער אַלע ראַמען —
די גענאַרן.
שוין אַריבער אַלע צאַמען —
די געפאַרן.

אַלע טרוימען זענען סם׳ען —
גאָר דאָס לעבן צו פאַרזאַמען.

עס האָט זיך אָפּגעטאָן די ווערט
פון אַלע אַלטע ווערטן.
אויסגעלאַכט דער חלום פון פאַרקלערטן.

אַלע וואָרן — זענען אָפּפאַל.
אַלע גאָרן — צום אַראָפּפאַל.

## והיה באחרית הימים

ב

יעדער שטויב איז רויב —
פון וועזן וואָס געוועזן.
יעדער טוי איז אוי —
פון וועזן ניט גענעזן.

אומעטום — געוואָלט.
אומעטום — געזאָלט.
אומעטום — רעוואָלט.
אומעטום — געוואַלד.

צאָרן זידט אַריבער איבער אַלע יאָרן.
וועלט קען מער ניט איבערטראָגן.

גרייט דער האָס פון אַלע צייטן —
אַלע וועלטן צו פאַרצוקן.
אַ געשריי פון אַלע וויטן:
אַלע סופ'ן אָנצוקוקן...

# והיה באחרית הימים

ג

אַ יללה פון די וויסטן אויף די שטערן :
זאָל מענטש דאָ ווערן !

אַ בהלה אין די הויכן פון די הימלען :
דעם מענטשן צו געהערן.
זיינע קולות צו דערהערן.
דורך זיין בילד געזען צו ווערן.
דורך זיין וואָרט דערקאַנט צו ווערן.
גאָר דעם זין פון אַלע שטערן —
פון דעם מענטש געוואָרע ווערן.

[זע : זעקסטער אַריינפיר ד]

# והיה באחרית הימים

ד

ס׳איז געווען און ס׳איז געוואָרן —
באַ דער שאַרף פון דינסטן ווערן.
ס׳איז געווען און ס׳איז געוואָרן —
שאַרפער ניט צו קענען ווערן.

ס׳איז געווען און ס׳איז געוואָרן
פאַרן סוף פון אַלע יאָרן. —
איז געוואָרן אַ דערהערן:
זאָל געשען אַן אַנדער ווערן.

זאָל געשען וואָס מוז געשען —
אַריבער גאָר די צען געבאָט.
אַריבער גאָט.
אַריבערן אחד.

[זע: זעקסטער אַריינפיר ה]

## והיה באחרית הימים

### ה

זאָל געשען אַ ווידערקערן
פון געוועזן און פאַרלוירן.

זאָל געשען דאָס נייע ווערן —
נאָכאַנאַנדער פון פאַרמערן.
נאָכאַנאַנדער פון באַגערן.
נאָכאַנאַנדער פון געבערן.

זאָל מקוים ווערן
פאַר דער שעה פון אַל-צעשטערן —
אַלע ליכטיקע באַגערן.

זאָל געשען דאָס נייע ווערן —
אויף די שטערן.

## והיה באחרית הימים

### ו

זאָל פאַרגעסן דער זכרון
פון געוועזן און געוואָרן
אין פאַרלויף פון אַלע יאָרן.

זאָל פאַסירן דאָס געשען —
ווי קיין פריער ניט געווען.

לויט די וועלטן פון כסדר.
לויטן סדר נאָך פון איידער.
לויטן איידער נאָך פון איידער-איידער.

# והיה באחרית הימים

## ז

וועט זיין:
אַריבערן באַנעם.
אַריבער אַלע גראַדן פון פאַרשטאַנד.
אַריבער אַלע ענדן
וואָס דער מענטש וועט אַנדערן.

אַ פאַרטאָג פון נייעם איבעראַש.
אַ באַגין פון לויטער גליק.
אַנטפלעק.

מיטאַמאָל וועט זיין דערזע אין אומעטום.
אַ דערפריי פון אַלץ אַרום.

אַ דערזע — ווי קיינמאָל ניט דערזעען נאָך.
אַ דערפריי — ווי קיינמאָל ניט דערפרייט זיך נאָך.

ניי.
אַ נייער זיי:

## והיה באחרית הימים

### ח

אַלע לעבן אויפן הימל. —
אין אַ אויפגעוואַכטן דרימל.
עס ציט נישט מער די ערד אַראָפּ. —
מענטשן טרעטן אויף דער לופט.

טויבע הערן רויש פון צייטן.
בלינדע זעען רגע׳ס בייטן.

ניטאָ קיין דאָ, ניטאָ קיין דאָרט. —
אַלע זענען דאָ און דאָרט.
יעדער איז אויף יעדן אָרט —
דורך אַ ציטער מיט אַ וואָרט.

ים׳ען פלאַקערן מיט פלאַמען.
וועלדער שפּאַנען מיט די שטאַמען.

יעדער גראָזל ליפּט באַזונדער —
צו באַוואונדערן די וואונדער.

אַ באַרג דערהויבט זיך דורכן טאָג —
צו שטערן מאַרס.
און פאַלט אַוועק אין אָוונט —
אָפּצורוען אויף דער פלאַך.

## והיה באחרית הימים

### ט

ניטאָ קיין לייד — ניטאָ קיין צער. —
לויטער פרייד און לויטער גאַר.

וואוהין אַ צי — אַ צי און פלי. —
פלאַטער-הענט און פליגל-פלי.

הונגעריק? —
געַנוג אַ ברעקל אויף אַ צאָן.
האָט דאָס מאָנדל אַלע טעמים —
אין פאַרגעסענעם דערמאָן.

## והיה באחרית הימים

י

ניטאָ קיין נויט — ניטאָ קיין רייך. —
אַלע זענען נאַקעט גלייך.

ניטאָ קיין בייז — ניטאָ קיין האַס. —
קיינער ווייסט ניט וואָס איז כעס.

ניט קיין פעלקער — ניט קיין ראַסן. —
נאָר פאַראַן מלאכים-מאַסן.

ניטאָ קיין אַלט — ניטאָ קיין יונג. —
ווי די ווינטן אַלע גרינג.

ניט מען אַקערט — ניט מען זייט. —
ס'איז דאָס לעבן אויף די שטערן —
ווי אַ וויכער-ווינט פאַרווייט.

קיינער ווייסט ניט פון משפּחה. —
אַ צעהעלטע זאַווערוכע.

ס'איז דאָס לעבן אויף די שטערן —
ווי די שטערן דאַרטן ווערן.

# והיה באחרית הימים

## יא

ניטאָ קיין אָנהויב און קיין ענדע. —
אַ אונענדלאַכע לעגענדע.

ניטאָ קיין איצט — ניטאָ קיין שפּעטער. —
נאָר קאָלירן לויטן וועטער.

ניטאָ קיין מאָס, ניטאָ קיין צאָלן. —
ניטאָ געווען — ניטאָ אַמאָלן.

איז מען איינמאָל נאָר געבוירן —
שוין אויף קיינמאָל ניט פאַרלוירן.

ניט פאַרבליבן איז קיין סימן,
און אַ רמז ניט אַפילו —
אויב דער מענטש האָט זיך געווימלט
אין די נידערן די שטילע.

ניט קיין הויז, און ניט קיין שיימע —
אַלץ פאַרזונקען און פאַרביטן.
ניט אַפילו אַ מצבה —
אַז דער מענטש האָט ווען געליטן.

## והיה באחרית הימים

יב

אַלע מתים אויפגעשטאַנען.
פון די קֻברים אויפגעגאַנגען.
אוּן זיי פרעגן זיך פאַנאַנדער.
ווילן וויסן נאָכאַנאַנדער.

קיינער ווייסט ניט וואָס צו זאָגן. —
אַ געהיים ווי פאַרן טאָגן.

אַ געהיים אַזוי ווי מאָרגן. —
אויפגעעפנט און פאַרבאָרגן.

אַ געהיים אַזוי ווי שלאָפן. —
אויפגעכאַפּט זיך פון געטראָפן.
ניט צו וויסן וואָס פאַרלאָפן.
ניט געווען און ניט אַנטלאָפן.

# והיה באחרית הימים

יג

וועט אָוועק אַן אייביקייט —
און עס וועט געשען:

מענטשן שוין פון טויזנטער יאָרן,
זענען ווידער „קלוג" געוואָרן. —
און סע קימערט זיי כסדר,
וואָס זיי ווייסן ניט פון איידער.

טאָג און נאַכט — איז טאָג און נאַכט. —
ווער האָט אונז אַהער געבראַכט?
טאָג און נאַכט כסדר ווערן. —
וואָס וועט ווערן פונם ווערן?

אפשר ווען ס׳איז דאָ צעשטערן —
וואָלט כדאי געוועזן צו ווערן.

אפשר ווען ס׳איז דאָ פאַרלוירן —
וואָלט כדאי געוועזן געווינען.
בײַ דעם ראַנד פון אַלץ פאַרלוירן —
איז אַ רגע גאָר דער זינען.

## והיה באחרית הימים

יד

מענטשן טיפן זיך אין הויכן,
אין די שטערנדיקע טאָלן. —
אַ געדעכעניש געפינען,
פון די פריערע אַמאָלן.

נאָר מען זוכט און נאָר מען נישטערט,
אין די הימלדיקע ווייטן. —
כאָטש אַ צייכן — צו דערציילן —
פון בראשית׳דיקע צייטן.

זעט דער מענטש אַריבער מאַרסן —
פון די הויכן ווינקען שטערן.
נאָר ער ווייסט ניט פון דער ווייטן —
ווי אַהין פאַרוואַנדלט ווערן.

גאָר אַ סברא אַז נאָך העכער,
זענען נאָך פאַראַנען וועלטן. —
און די אייביקע געהיימען,
זענען אפשר דאָרט באַהאַלטן.

## והיה באחרית הימים

טו

ווערט זיין דער מענטש,

ווערט שטייגן אין די הויכן

צו די הויכן פון די הויכן. —

ווערט זיין א קול

פון העכסטע איבער אַלע הויכן:

**העכער ניט דערהויכן!**

## והיה באחרית הימים

### טז

ווען ווערן:

די הויכסטע וועלן פֿאַלן צו די הויכן.
די הויכן צו פֿאַריאָגן אין די רוימען.
די רוימען צו פֿאַרטראָגן אין די טיפֿן.
די טיפֿן צו פֿאַרשלאָגן אין די גרונטן.
די גרונטן צו דאַרונטן אין די זומפּן.
די זומפּן צו פֿאַרדומפּן אין די תהומ׳ען.
די תהומ׳ען צו פֿאַרשרומפּן אין די קוואַלן.
די קוואַלן צו פֿאַרפֿאַלן אין די דעקן.
די דעקן צו פֿאַריגלען אין די סופֿ׳ן.
די סופֿ׳ן צו פֿאַרזינקען צום אַרונטער.

אונטער-אַרונטער.
אַרונטער-אונטער.
אונטער-דאַרונטער.
דאַרונטער-דאַרונטער.

ווידער איידער:

# והיה באחרית הימים

יז

תהו ובהו:

חושך-בלוי און פינצטער-קלאָר.
ניט אַ דאַכט און ניט אַ וואָר.
אַ רגע איז פון אַלע יאָר.
אייביק איז אַ רגע גאָר.
גאָר אינגאַנצן ניט געווען.
יאָ געוועזן און ניט געשען.
יאָ געשען און ניט דערזען.
ניט אַ וואו און ניט אַ ווען.
ניט אַ פעלד און ניט אַ ים.
ניט אַ שטאַם און ניט אַ צאַם.
ניט אַ סך און ניט אַליין.
ניט אַ פלי און ניט אַ גיין.
יאָ און ניין איז גאָר אַלציין.
אומעטום איז ערגעץ ניט.
אַלעמאָל איז קיינמאָל ניט.

## והיה באחרית הימים

### יח

והיה באחרית הימים:
ווי קיינמאָל ניט געווען.
ווי גאָרנישט ניט געווען.

און וואָס סע איז געווען —
געוואָרן אויס אין אומעטום.
געוואָרן אויס אין אַלעמאָל.

און וואָס סע איז געווען —
געוואָרן אויס — צו ווערן ווידער. —
ווידער ענדער.
ווידער אַנדער.
ווידער וואַנדער.
ווידער וואונדער נאָכאַנאַנדער.
מיטאַנאַנדער-דורכאַנאַנדער.
פון אַן אַנדער צו אַן אַנדער.
אַנדערש.



עטלעכע ווערטער
פון
א. לוצקי ביכער־קאַמיטעט

א

דאָס ערשטע בוך פון א. לוצקי: **אומעטיק און פרייליך, ריכטיקער: נעמט עס, ס'איז גוט פאַר אייך,**— איז דערשינען אין יאָר 1927. דאָס בוך האָט זיך פאַרקויפט איבערן לאַנד און טייל־ווייז אין קאַנאַדע אין קנאַפּע פיר טויזנט עקזעמפּלאַרן. ● פאַרלאַג „אבאָגענטן" פון יאָר 1925 ביז 1932. ● עס זענען נאָך פאַרבליבן עטלעכע צענדליק עקזעמפּלאַרן. דער פּרייז פון בוך איז געווען דריי דאָלאַר — איצטער קאָסט דאָס בוך צ ע ן ד אָ ל אַ ר. ●

ב

● די אַלע ביכער האָט דער דיכטער אַליין פאַרקויפט, פאָרנדיק פון שטאָט צו שטאָט אין די ווייטסטע ווינקעלאַך איבער אַמעריקע. ● א. לוצקי האָט אַרויסגערופן גרויס באַגייסטערונג אַפילו ביי די גוי׳עשע אידן, וועלכע האָבן שוין פון יאָרן לאַנג ניט אָנגעזען קיין אידיש וואָרט. ● דער דיכטער איז אויפגעטראָטן אומעטום מיט פאָר־לעזונגען פון זיינע אייגענע שריפטן, און די ענגלישע פרעסע, ווי די אידישע, האָט אויס־געדריקט אין עדיטאָריעלס און עסייען איר באַוואונדערונג וועגן דעם אופן ווי לוצקי שפּילט אויס זיינע שאַפונגען, און וועגן דער קינסטלערישקייט פון לוצקי׳ס ווערק. ●

ג

● די גרעסטע אידישע פּאָעטן און קריטיקער איבער גאָר דער וועלט האָבן געשריבן מיט גרויס ענטוזיאַזם וועגן דער אייגנאַרטיקייט פון א. לוצקי, און אַלע זענען מיט דער מיינונג, אַז ער איז דער בעסטער אימפּראָוויזאַטאָר און דער אָריגינעלסטער פּאָעט־פילאָזאָף אין דער אידישער ליטעראַטור. ● א. לוצקי איז ניי מיט זיין לעבעדיק מאַכן די „טויטע וועלט“. ניי מיט דער מייסטערשאַפט פון אידישן וואָרט. פריש מיט זיין הומאָר, טיפזיניק אין זיינע שפּילערייען, און שפּילעוודיק מיט זיין וואונדערלאַכער פּאָעטישער פילאָסאָפיע, און דער עיקר, וואָס אַלע קאָנען אים פאַרשטיין. ● א. לוצקי׳ס ביכער זענען אַ גרויסע פרייד פאַר׳ן לייענער. ●

ד

● עס וועט זיכער זיין א פרייד פאר די טויזנטער לייענער פון א. לוצקי׳ס שאפן, צו וויסן, אז דער בארימטער פילאסאף און עסייאיסט **וויליאם נאטאנסאן**, וועלכער האט געמאכט א רושם אין דער אידישער ליטעראטור מיט זיין נייעם בוך: **״אינטעליגענט, קונסט און קינסטלער״**, האט פארטיק א בוך צום דרוקן פון נאענט צו פיר הונדערט זייטן וועגן א. לוצקי. דאס בוך רופט זיך: **״די פילאסאפיע אין א. לוצקי׳ס פאעזיע״.**

● דאס ווערק נעמט ארום די שאפונגען פון א. לוצקי׳ס דריי ביכער:

1. **אומעטיק און פריילאך.**
2. **בראשית—אינמיטן.**
3. **א העלפאנט—א צדיק.**

[דאס דריטע בוך וועט אינגיכן זיך דרוקן]

ה

● דער קאָמיטעט פון א. לוצקי׳ס שאַפן גרייט זיך אַרויסצוגעבן אַלע קריטיקן און עסייען, וואָס זענען געשריבן געוואָרן איבער א. לוצקי. ● עס וועלן אויך אַריינקומען די אָפּהאַנדלונגען, וואָס וועלן געדרוקט ווערן וועגן דעם בוך „בראשית—אינמיטן“. ● דאָס בוך וועט דערשיינען אין האַרבסט 1933. ● די שרייבער זענען געבעטן צו שיקן זייערע קריטיקן איבער א. לוצקי אויף דעם אַדרעס:

A. LUTZKY BOOK COMMITTEE

c/o A. Carlin

218 E. 11th Street New York, N. Y.

# צו די לייענער

● מיר דאַנקען די פריינט און פאַרערער פון א. לוצקי׳ן איבערן לאַנד, וואָס העלפן אים פאַרשפּרייטן זיינע ביכער, ווי אויך פאַר די קינסטלערישע אָוונטן מיט אים. ● זיי העלפן מיט דעם ניט בלויז דעם דיכטער, נאָר זיי דערמוטיקן אים אויך אין זיינע וויכטיקע שאַפונגען פאַר אונז, די לייענער, וואָס האָבן ליב דאָס אידיש-קינסטלערישע וואָרט — און א. לוצקי איז דאָך באמת איינער פון אונזערע שענסטע דיכטער. ● לויט אונזער אייגענער מיינונג, און לויט דער מבינות פון גרויסע אידישע שרייבער, איז דאָס בוך „בראשית—אינמיטן" פון א. לוצקי אַן אַנטפּלעקונג אין דער וועלט-ליטעראַטור מיט זיין פּאָעטישן פילאָסאָפישן באַנעם. ●

## א. לוצקי ביכער-קאָמיטעט.

אַסטאָריא פּרעס, 61 איסט 4טע גאַס, ניו יאָרק.